# חֲנֻכָּה

## אַ הִיסְטָארִישֶׁע דְרַאמְמַא

אִין פִיער אַקְטֶען אִין זִיעבֶּען בִּילְדֶער.

פון

**י. י. לערנער.**

וואַרשא

נדפוס א. בוימריטטער ותתנו ג. נאנשאר ביעליינסקע גומער 15

שנת תר"נ לפ"ק.

ВАРШАВА.

Типо-Лит. Баумриттера и Гонсiора Бѣлянская 16.

*1889.*

# חֲנֻכָּה

## אַ הִיסְטָארִישֶׁע דְרַאמְמַא

אִין פִיער אַקְטֶען אִין זִיעבֶּען בִּילְדֶער.

פון

## י. י. לערנער.



ווארשא

בדפוס א. בוימריטטער וחתנו נ. גאנשאר ביעליינסקע נומער 16

שנת תר"נ לפ"ק.

# ХАНУКА

Историческая драма въ четырехъ дѣйствіяхъ и семи картинахъ.

Соч. О. М. ЛЕРНЕРА.

ВАРШАВА.

Типо-Лит. Баумриттера и Гонсіора Бѣлянская 16.

*1889.*

# די פֶּערזָאנֶען:

אנטיאכוס עיפאטאר . קאָניג פֿון סיריען .

כעלינא . זיין שוועסטער .

ניקאנאר . פֿעלדהערר .

מתתיהו . כהן גדול .

לאה . זיין פֿרויא .

יהודה .<br>
אליעזר . } זייערע קינדער .<br>
בנימין .

בועז .<br>
יפתח . } בירגער פון ירושלים .<br>
יהויקים .

איינער .

סאלדאטן , פֿאָלק .

די געשיכטע איז געשעהן אין ירושלים אין דער אומגעגענד אים יאָהר 161 פאר קריסטוס געבורט .



# ערשטער אַקט.

(א גרויסער פלאץ, מע זעהט ארוים די עזרה פונ'ם בית המקדש
אונ עס הערט זיך א געזאנג, ווען דאס געזאנג ענדיגט קוממען
ארויס לאה אונ אליזער.)

## ערשטע סצענע

**ל א ה.** וואָס ביסטו אַזוי פערטראַכט, מיין קינד? דאָס בלייכקייט פון דיין פּנים באַווייזט, אַז ביי דיר מוז אַוודאַי איין אינוועניגסטער ווייטיג זיין, זאג זשע מיר, אליעזר, וואָס איז דאָס אַזוינס מיט דיר? דיין אַלטע מוטטער וועט נאָך געפינען ביי זיך אין קאָפּ אַ רעכטע עצה, אין האַרצען – אַ טרייסט פאַר דיר.

**א ל י ע ז ר.** וואָס זאָלל איך דיר זאָגען, טרייע מוטטער? נאָך קאָן איך אַלליין ניט גוט פאַרשטעהן דאָס געפיהל וואָס בעהערשט מיך די לעצטע צייט, איך ווייס נאָר אַז אַ אונצופרידענהייט טרייבט מיך פון איין אָרט אויפ'ן אַנדערן אונ מיר איז שווער איינצושטיללען די געדאַנקען וואָס גיבען מיר אין ערגיץ ניט קיין רוה.

**ל א ה.** יעדע זאַך, מיין קינד, מוז אָבער איהר סבה האָבען; ווען דיינע געדאַנקען בעטריבען דיך, דאַרפען זיי געוויס אין דיין קאָפּ שרעקבילדער שאַפען, מאָהל מיר איינס פון די בילדער אויס, וועל איך זוכען אַ מיטטעל דיין מכה צו היילען.

**א ל י ע ז ר.** אַך מוטטער, קנאה הייסט די קראַנקהייט וואָס קלאַפּט ווי מיט אַ האַממער מיין מח, וואָס צינדט אָן אַ העליש פייער אין יעדען ווינקעלע פון מיין האַרץ – אונ מיין איינענער ברודער איז שולדיג אין דעם... איך קאָן ניט רוהיג צוזעהן דאָס גרויסקייט פון יהודה, אַז איך האָר אין די גאַסען רעדען פון זיין

חָכְמָה, פוּן זַיין גְבוּרָה, פוּן זַיין שֶׁאנְקַייט, שְׁטֶעכְט עֶס מִיךְ וִוי מִיט שְׁפִּיזֶען ; אִיךְ קָאן נִיט אִיבֶּערְטְרָאגֶען, וֶוען מֶע טַייט פוּן וַוייטֶענְס אוֹיף אִיהם מִיט דִי פִינְגֶער, וֶוען יֶעדֶער גֶעפִינְט פוּן זַיינֶעטְוֶועגֶען אַיין אַנְדֶער שְׁבַח, וֶוען זַיין נָאמֶען אִיז בַּיי יֶעדֶען אִין מוֹיל .

**ל א ה .** דוּ זִינְדִיגְסְט, מַיין זוּהן, מִיט דֶער מַחֲשָׁבָה! אִיךְ ווייס אַז גָאטט הָאט מִיךְ גֶעבֶּענְשְׁט מִיט אַלֶע מַיינֶע קִינְדֶער פוּן קְלֵיין בִּיז גְרוֹיס, אַלֶע הָאט אִיהר חֵן בַּיי גָאטט אוּנ בַּיי לַייט , צוּ וָואס זָשֶׁע דַארְפְסְטוּ מְקַנֵא זַיין יְהוּדָה וֶוען דוּ אַלֵיין הָאסְט דֶעם אֵייגֶענֶעם כָּבוֹד אוּנ גְלַאנְץ .

**א ל י ע ז ר .** אָ, מוּטטֶער, קָאן זַיין, דַיינֶע אוֹיגֶען קוּקֶען נָאר אַזוֹי, וַוייל דִי לִיעבֶּע פוּן עֶלְטֶערן טְהֵיילְט אַיין גְלַייךְ דִי גֶעפִיהלֶע אַלֶע קִינְדֶער, נָאר זַייטִיגֶע מֶענְשֶׁען טוּהֶען אַנְדֶערְשׁ , בַּיי זֵיי אִיז גָאלְד מַאכְט נָאר דָאס וָואס גְלַאנְצְט, עֶס מֶאג זַיין אַיין אָבְּגֶעריבֶּען שְׁטִיקֶעל מֶעשׁ .

**ל א ה .** גִיבּ אַ קוּק מַיין קִינְד, וִוי נַארִישׁ דִי אֵייפֶערְזִיכְטִיגֶע אִיז, אַלֶע זֶענְט אִיהר מַהְתְיָהוּס קִינְדֶער, דִי גַאנְצֶע וֶועלְט שֶׁאצְט דִי מַעֲלוֹת פוּן דִי מַכַּבֶּיעֶר , נָאר דוּ ווִילְלְסְט זוּכֶען פְלֶעקֶען אוֹיף דֶער זוּהן וַוייל דוּ הָאסְט מוֹרָא טָאמִיר רֶעכֶענְט מֶען דִיךְ פַאר דֶער לְבָנָה .

**א ל י ע ז ר .** אָ נֵיין מוּטטֶער, דָאס אִיז נִיט קֵיין אַיינְבִּילְדוּנְג, יְהוּדָה ווייסְט עֶפִּיס אַ בֶּעזוּנְדֶער קוּנְץ זִיךְ בֶּעלִיעבְּט צוּ מַאכֶען בַּיים פָאלְק, אוּנ אַ שְׁרַייעֶר קָאן שְׁטֶענְדִיג בְּלַייבֶּען אַ בַּעַל טוֹבָה... נֵיין, אוּנְזֶערֶע וֶועגֶע זֶענֶען פֶערְשִׁידֶען, אִיךְ מוּז מִיךְ נֶעהמֶען נָאר צוּ אַיין אַנְדֶער טְהֶאטִיגְקַייט, אוּנ שְׁפֶּעטֶער וֶועלֶען מִיר זֶעהן וֶוער וֶועמֶען וֶועט אִיבֶּערְשְׁטָאלְצִירֶען .

**ל א ה .** אוֹיבּ אִיךְ פַארְשְׁטֶעה דִיךְ נָאר רֶעכְט , מַיין קִינְד, זֶעה אִיךְ אַז אַ מָאל קָאן אוֹיךְ אַ נִיט גוּטֶע מַחֲשָׁבָה פִירֶען צוּ אַיין עֶדֶעל גֶעפִיהל, וֶוען דַיין גֶעקְרֶענְקְטֶע אֵייפֶערְזִיכְטִיגֶע קָאן

פֶערְדָאפְּלֶען דַיין גֵייסְטֶעס קְרַאפְט אוּנ זָאללְסְט בֶּאֱמֶת אִיבֶּערְגֶעהן יְהוּדָה, וֶועט דָאס זַיין אֵיינֶע פוּן דַיינֶע בֶּעסְטֶע מַעֲלוֹת וָואס דוּא מֶאגְסְט זִיךְ שׁוֹין דֶערְמִיט אִיבֶּערְגֶעהמֶען.

אליעזר. אוּנ אַזוֹי וֶועט עֶס אוֹיךְ זַיין, טְהַייעֶרֶע מוּטטֶער, אֱלִיעֶזֶר׳ס נָאמֶען וֶועט מִיט פַייעֶרִיגֶע אוֹתִיּוֹת פַאר־ שְׁרִיבֶּען וֶוערֶען אוֹיף עֶבִּיג, וַוייל אִיךְ וֶועלל בֶּעפֶעסְטִיגֶען אִין מַיין פָאלְק אַיין אֱמֶת׳ן שָׁלוֹם, וָואס וֶועט גְלַאנְצֶען וִוי אַ לִיכְטִיגֶער שְׁטֶערן אוּנ נִיט נָאר אַ שַׁיין גֶעבֶּען אוֹיף אַ רֶגַע וִוי יְהוּדָה׳ס פְּלֶאנֶע וָואס עֶר גֶעוָואהנְט אוּנְזֶערֶע בְּרִידֶער צוּ אוּנאָרְדְנוּנְג אוּנ מְרִידָה, אַבִּי זִיךְ קוֹיפֶען כָּבוֹד מִיט אוּנְנִיצִיגֶע זִיסֶע וֶוארְטֶער.

לאה. לָאז גָאטט זַיין מִיט דִיר, אֱלִיעֶזֶר, אוּנ בֶּענְשֶׁען מִיט גְלִיק אַללֶע מַיינֶע קִינְדֶער! (עס קוממען ארוים מתתיהו אונ בועז).

---

## צְוֵויימֶע סְצֶענֶע

בועז. אִיךְ בִּין אוֹיךְ שׁוֹין נִיט יוּנְג אוּנ הָאבּ שׁוֹין גֶענוּג אִיבֶּער־ גֶעלֶעבְּט, גֶעפִּין אִיךְ טַאקִי אַז מִיט פַייעֶר דַארְף מֶען זִיךְ נִיט שְׁפִּיעלֶען, אֵיין פוּנְק אַז מֶע לָאזְט אַ מָאהל אַריין אִין פָאלְק קֶאן אָנְמַאכֶען אַזאַ שְׂרֵפָה וָואס עֶס זָאלל שׁוֹין שְׁוֶוער זַיין צוּ פַארְלֶעשֶׁען.

מתתיהו. וֶוען דֶער כֹּהֵן שְׁטֶעהט אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ פַאר זַיין פָאלְק, אִיז יֶעדֶעס וָוארְט וָואס גֶעהט אַרוֹיס פוּן זַיין מוֹיל — פוּן גָאטט, עֶר רֶעט נָאר דָאס וָואס זַיין הַארְץ פִיהלְט, דָאס וָואס דֶער אֵייבֶּערְשְׁטֶער אַלְלֵיין שִׁיקְט אִיהם אִין זִין אַרַיין, וֶוען עֶר ווילל זַיין הֵיילִיגֶען ווילְלֶען עֶנְטְדֶעקֶען זַיינֶע קִינְדֶער.

בועז. דוּ הָאסְט רֶעכְט הֵיילִיגֶער כֹּהֵן, אִיךְ רֶעדֶען אָבֶּער דָאךְ אַז פִיעלֶע פוּן דַיינֶע רֶעד, וָואס דוּא הָאסְט הַיינְט בַּיים

גאַטטעסדיענסט צום פֿאָלק גערעדט, זענען איבּריג, ווייל זיי קענען האָבּען זעהר אַ שלעכטע ווירקונג, חאָטשי עס איז אַלדינג אמת, די שנאה צווישען די יודען אונ די סיריער העגנט אָהן אַללעמען איבּער אונזערע קאָפּ ווי אַ שרעקליכער וואָלקען וואָס דאַרף יעדע מינוט אויסבּרעכען מיט אַ מבול, וואָס זשע ווילסטו? אַז די מינוט זאָלל שוין גיכער קוממען? אין דעם געפינסט דו טובת ישראל?

מתתיהו. יאָ! אונ טאַקי נאָר אין דעם! אַז מיר האָבּען אונזער מלוכה פערלוירען האָבּען מיר זיך שוין געמוזט בּעגנינען דערמיט וואָס מע האָט אונז געגעבּען אונ מיר האָבּען געהאָפּט אַז מע וועט אונז לאָזען רוהיג אונזער גאָטט דיענען, וואָס זשע זעהען מיר אָבּער? וואָס מעהר אַ טאָג פאַרשפּרייט מען מעהר אַ נעץ פאַר אונזערע בּרידער, מע זוכט זיי קלאַמערשט מיט ליעבּע צו צוציען אבי צווישען זיי פאַרבּרייטען סיריישע מנהגים אונ זיי בּיסליך ווייס אָבּגעוואָהנען פון תורת משה, נאַ, איז דען ניט דער חוב פונ'ם קלינערן אונ עלטערן מענשען דאָס זעהען אַללעס פאַרהיטען? אָ, איך געפּין אַז איך האָבּ נאָך צו וועניג גערעט, איך האָבּ נאָר אַ ווינק געגעבּען דאָרט וואו איך האָבּ בּעדאַרפט שרייען ווי אַ לייבּ, צו שוואַך זענען מיינע ליפּפּען געוועזען דאָרט וואו עס וואָלט נאָטיק געוועהן אַ קול ווי אַ דונער.

בועז. איך מוז דיר זאָגען, הייליגער כהן, אַז דוא פאַרגרעסערסט די צרה מעהר ווי עס איז, אמת, זעהר פיעל יודען רעדען נאָר סיריש, הייסען סיריישע נאָמען אונ פיהרען זיך אַזוי ווי זיי, דאָס שאַט אונז אָבּער גאָר ניט, דאָס בּאַווייזט נאָר אַז מיר לעבּען גליקליך אונטער אונזער קאיזער אַנטיאָכוס, וואָס זיין יאָך פיהלען מיר אפילו ניט.

אליעזר. זיי מיר מוחל, פאָטער, ווען איך וועל דיר אויך זאָגען אַז דו שרעקסט זיך אומזיסט, דו ווייסט גאַנץ גוט אַז דיינע קינדער האָבּען אַ צוטרעט אין הויף אונ איך קאָן גוט די

שְׁטִימּמוּנְג פוּן אַנְטִיאָכוּס. עֶר אִיז אַ מֶלֶךְ שֶׁל חֶסֶד אוּנ וָואס עֶר טְהוּט מֵיינְט עֶר נָאר עֶס זָאלל אוּנְז דֶער פוּן אַ טוֹבָה אַרוֹיסְקוּמְמֶען.

מַתִּתְיָהוּ. וֶוען דוּ בַּיי דַיינֶע יוּנְגֶע יָאהר פְלַאטֶערְסְט אַרוּם אִין חֲלוֹמוֹת, קָאן אִיךְ עֶס פַארְשְׁטֶעהן, אָבֶּער וֶוען עֶלְטֶערֶע לָאזֶען זִיךְ אוֹיךְ אָבְּנַארֶען, דָאס אִיז מִיר שְׁוֶוער צוּ בֶּעגְרַייפֶען. אָ אִיהר בְּלִינְדֶע! מֵיינְט נִיט אַז מִיךְ הַארְט דָאס לָשׁוֹן אָדֶער עֶפִּיס אַ מִנְהָג וָואס אִיז פֶערְאֶנְדֶערְט גֶעוָוארֶען, אָ נַיין, אוּנְזֶער פָּאטֶער אִין הִימֶּעל וֶועט שְׁטֶאנְדִיג אוֹיסְהֶארֶען זַיינֶע קִינְדֶער, אִין וָואס פַאר אַ שְׁפְּרַאכֶע זֵיי זָאלֶלֶען זִיךְ צוּ אִיהם נִיט וֶוענְדֶען, אִיךְ זֶעה אָבֶּער אַרוֹיס אַז אַנְטִיאָכוּס הָאט נָאר אֵיין אַנְדֶער מֵיין, עֶר ווִילל אוּנְז בֶּערוֹיבֶּען אוּנְזֶער לֶעצְט בִּיסֶעל יוּדִישְׁקֵייט, דָאס אֵיינְצִיגֶע וָואס אִיז אוּנְז גֶעבְּלִיבֶּען, אוּנ דָאס טָארֶען מִיר נִיט דֶערְלָאזֶען. (סעלינא מיט איהר סוויטע ערשיינט).

אללע. עֶס לֶעבֶּע דִי פְּרִינְצֶעסִין!

---

## דְרִיטֶע סְצֶענֶע

סעלינא. מִיט פְרֵיידֶע בֶּעגְרִיס אִיךְ אַייךְ, אַיינְוָואהנֶער פוּן יְרוּשָׁלַיִם! אִיךְ הָאבּ הַיינְט מַיין שְׁפַּאצִירְגַאנְג בֶּענוּצְט צוּ לִיעבּ דֶעם אִיךְ זָאלל קֶאנֶען צוּזֶעהן אַייעֶר שִׂמְחָה אוּנ פוּן דֶער נָאהֶנְט בֶּעוואוּנְדֶערן דָאס שֶׁאנְקֵייט פוּן צִיוֹן׳ס טֶעאַטְּטֶער.

לאה. עֶרְלוֹיבּ מִיר, דֶער עֶלְטְסְטֶער דָא פוּן אַללֶע, דִיךְ, פְּרִינְצֶעסִין, צוּ בֶּעגְרִיסֶען אוּנ דִיר דַאנְקֶען וָואס דוּא טְהוּסְט אוּנְז אָן אַזַא כָּבוֹד.

סעלינא. מַיין פֶערְגְנִיגֶען אִיז אַצוּנְד נָאךְ גְרֶעסֶער, עֶדְלֶע פְרוֹי. וַוייל אִין דִיר דֶערְקֶען אִיךְ דִי בֶּערִיהמְטֶע מוּטְטֶער פוּן

מַיין טַייעֶרְסְטֶען פְֿרַיינְד יְהוּדָה, נָאךְ דֶער פְּרוּכְט אִיז זֶעהר גְרִינְג צוּ
דֶערְקֶענֶען דֶעם בּוֹים.

**אליעזר.** הֶערְסְט מוּטֶער? יֶעדֶער נָאר יְהוּדָה אוּנ יְהוּדָה!
(סעלינא שטעללט זיך נעבען לאה, אונ זעהט צו ווי
די מיידלעך טאנצען אונ זינגען דער נאך פארבייגט זיא זיך, אונ
געהט אוועק מיט דער סוויטע).

**מתתיהו.** הֶערְט אוֹיס, בְּרִידֶער, וָואס אַייעֶר אַלְטֶער כֹּהֵן הָאט
אַייךְ צוּ זָאגֶען! אִיךְ הָאבּ אַייךְ שׁוֹין הַיינְט עֶרְקְלֶערְט
דִי בֶּעדַייטוּנְג פוּן דֶעם מִנְהָג וָואס צוּ לִיעבּ אִיהם פְֿרֵייעֶן מִיר זִיךְ
אַללֶע אוּנ דַארְף אַייךְ שְׁטֶאנְדִיג דִיעֶנֶען פַאר אַ בֶּעוַויז, אַז נִיט נָאר
דָאס אָבְּשֶׁערֶען פוּן דִי שָׁאף, נָאר יֶעדֶע אַרְבֵּייט וָואס שְׁפַּייזְט דֶעם
מֶענְשֶׁען דוּרְךְ מִיה אוּנ פְלַייס אִיז הֵיילִיג, אוּנ אַ סִיּוּם פוּן אַרְבֵּייט
אִיז אַ שִׂמְחַת מִצְוָה, מִיט וָואס זְשֶׁע קָאן אִיךְ אַייךְ בֶּענְשֶׁען אִין דֶער
אִיצְטִיגֶער שָׁעָה?... אִיךְ וִוילל נָאר אַז אַייעֶר הַארְץ זָאלל שְׁטֶאנְדִיג
בְּלַייבֶּען אַזוֹי רֵיין וִוי דִי וַוייסֶע וָואהל וָואס אִיהר הָאט נָאר וָואס
אָבְּגֶעשָׁארֶען, אוּנ אַזוֹי וִוי דִי הָאר פוּנ׳ם שֶׁאפֶּעלֶע וַואקְסֶען אוֹיף
אַללֶע מָאל הָאטְשֶׁי מֶע שְׁנַיידְט זֵיי אָבּ, אַזוֹי זָאלל אוֹיךְ מַיין גֶעלִיעבְּט
פָֿאלְק נִיט פַאללֶען אוּנְטֶער דֶער שֶׁער פוּן זַיינֶע שׂוֹנְאִים וָואס
לָאקֶערן צוּ פֶערְנִיכְטֶען דָאס שֶׂה פְּזוּרָה, אוּנ זַיין גֶעטְרַייִשַׁאפְט אוּנ
לִיעבֶּע צוּם אֵל חַי זָאלל וַואקְסֶען לְדוֹר דוֹר!

**אללע.** יְחִי מַתִּתְיָהוּ! (מתתיהו ווילל זיך לאזען געהן, יהודה
ערשיינט).

---

## פִירְטֶע סְצֶענֶע

**יהודה.** אָ, פָּאטֶער, פָּאטֶער!
**מתתיהו.** וָואס בַּאטַייט דַיין שְׁרֶעק, מַיין זוּהן?
**יהודה.** אָ, אַ גְרוֹיסֶע צָרָה אִיז גֶעקוּמֶען אוֹיף יְהוּדָה, נִיט מִיט

גֶעזַאנְג אוּנ טֶאנְץ דַארְף מֶען אַצוּנְד פֶערְבְּרֶענְגֶען דִי צַייט, נָאר מִיט פַאסְטֶען אוּנ וֵויינֶען, אַש מֶאג מֶען זִיךְ אוֹיף דִי קָאפּ אַרוֹיפְשִׁיטֶען אוּנ קְלָאגֶען אוֹיף דֶעם אוּמְגְלִיק וָואס קוּמְט אוֹיף אוּנְז.

בּ וֹ ע ז. רֶעד דַייטְלִיכֶער, יְהוּדָה, שְׁרֶעק אוּנְז נִיט מִיט הַאלְבֶּע וֶוארְטֶער.

י ה ו ד ה. אַ נַייֶער חוּרְבָּן קוּמְמְט אוֹיף אוּנְז, יוּדֶען! אֱמֶת, נָאךְ שְׁטֶעהט דָאס בֵּית הַמִקְדָשׁ אוֹיף זַיין אָרְט, נָאךְ קֶאנֶען מִיר זִיךְ אַהֶער צוּ נוֹיפְנֶעהמֶען גָאטט לוֹיבֶּען אוּנ אוּנְזֶערֶע זִינְד מִיט קָרְבָּנוֹת אָבְּקוּממֶען, אַ שְׁרֶעקְלִיךְ פַייֶער בְּרֶענְט שׁוֹין אָבֶּער אַרוּם אוּנְז, אוּנ וֶוער עֶס קוּקְט נָאר מִיט אָפֶענֶע אוֹיגֶען קֶאן שׁוֹין זֶעהן אַז פוּן אוּנְזֶער הֵיילִיג טֶעמְפֶּעל זֶענֶען נָאר הַאלָאוֶועשְׁקִים גֶעבְּלִיבֶּען אוּנ בַּאלְד וֶועט אוֹיךְ דֶער לֶעצְטֶער פוּנְק פוּן יוּדִישְׁקֵייט פֶערְלָאשֶׁען וֶוערֶען.

ב ו ע ז. דַיין מוֹרָא אִיז אוּמְזִיסְט, יְהוּדָה, מִיר לֶעבֶּען אוּנְטֶערֶען שׁוּץ פוּן אַנְטְיָאכוּס, עֶר בֶּעהַאנְדֶעלְט אוּנְז מִיט חֶסֶד אוּנ מִיט יוֹשֶׁר אוּנ קוּקְט אוֹיף אוּנְז וִוי אוֹיף אֵייגֶענֶע קִינְדֶער.

י ה ו ד ה. הֶערְט מִיךְ אוֹיס בְּרִידֶער, אִים נָאמֶען פוּן אוּנְזֶער לֶעבֶּעדִיגֶען גָאטט, אִיהר וֵייסְט גַאנְץ גוּט אַז מֶעהר פוּן אַלֶע בִּין אִיךְ תָּמִיד אַ מְקוֹרָב לְמַלְכוּת אוּנ אִיךְ הָאבּ זֶעהר פִיעל צַייט פֶערְבְּרַאכְט אוּנ גֶעזוּכְט זִיךְ גוּט צוּ צוּקוּקֶען צוּם הוֹיף אוּנ צוּ עֶרְפָארְשֶׁען וִוי אַזוֹי אִיז דָארְט בֶּאֱמֶת דִי מֵיינוּנְג אִיבֶּער אוּנְזֶער פָאלְק אוּנ צוּ טְרַאכְט מֶען טַאקִי בֶּאֱמֶת אִין קָאפּ דָאס וָואס מֶע רֶעט אַזוֹי פְרַיינְדְלִיךְ אַרוֹיס מִיטְ'ן מוֹיל; וִוי בִּיטֶער אִיז מִיר אָבֶּער גֶעוֶועהן זִיךְ צוּ אִיבֶּערְצַייגֶען אַז אַלְדִינְג אִיז נָאר פַארְשְׁטֶעלְלְט, אַז דִיא פְרַיינְדְשַׁאפְט וָואס מֶע בֶּעוַוייזְט אוּנְז לְפָנִים בֶּעהַאלְט אִין זִיךְ אַ שְׁרֶעקְלִיכֶען גִיפְט פוּן שִׂנְאָה, אַז מֶע ווִילל דֶעם נָאמֶען יוּד אִין גַאנְצֶען אָבְּמֶעקֶען אוּנ אוּנְזֶער פָאלְק פֶערְנִיכְטֶען, פֶערְמִישֶׁען צְווִישֶׁען דִי סִירְיֶער, אָט דָאס אִיז גֶעוֶועהן דֶער סוֹד וָואס מֶע הָאט אוּנְז אַלֶץ

געהאלטען אין איין שמייכלען, אריינגעגנארט מיט דער שפראכע, מיט קליינע מנהגים, וואס איז אבער דערפון ארויס געקוממען? זעהר ניך האבען זיך אונזערע ברידער אין די קלענערע ארטער געלאזט פארפיהרען אונ זענען שוין כמעט אויס יודען געווארען, ערשט נעכטען האב איך דא ניט ווייט אין א שטאדטעל בעגעגענט מיינעם א בעקענטען, איך האב איהם אנגערופען מיט זיין נאמען, האט ער זיך שוין גאר גיט געוואללט אומקוקען, אונ אז איך האב איהם מיט געוואלד אבגעשטעללט האט ער גאר חוזק געמאכט וואס איך רעד מיט איהם יודעש, אונ פון איהם בין איך אויך געוואהר געווארען, אז עס איז ארויס א בעפעהל געצען אריינצושטעללען אין די יודישע טעמפעל אונ צו זיי זאלל מען זיך בוקען... פולל מיט כעס אונ צרות האב איך מיך געלאזט צוריק קיין ירושלים, אונ דא האט מיך שוין איבעררַאשט די בשורה, אז אויך היער וויל אנטיאכוס אונזער לעבעדיגען גאטט פארבייטען אויף איין אבגאטט... אצונד, פראג איך אייך, קאן מען דען רוהיג בלייבען ביי דעם שרעקליכען געדאנק אז מע וויל זיך ערלויבען אונזער הייליגע אמונה טרעטען מיט די פיס? ניין, דאס טאר ניט זיין, נאך קלאפט דאס יודישע הארץ פון ירושלים'ס בירגער, נאך ווערט זיך ביי זיי געפינען גענוג כח זיך אקעגענשטעללען דעם שונא! איך האף אז מיינע ברידער האבען זיך נאך ניט אזוי שטארק פארזינדיגט ביי גאטט אונ ער ווערט זיי אבהיטען פון די געפערליכע קושען פון א גיפטיגער שלאנג.

מתתיהו. א, וואס איך האב מיך געשראקען דערפאר איז ניך געקוממען! נאר איך פאלל ביי מיר ניט אראב, איך וויים אז דאס הארץ פון מיינע ברידער איז גאנץ צו גאטט אונ אז יעדער פון אונז איז גרייט זיין לעבען מפקיר צו זיין פאר זיין אמונה אונ זיין פאלק, אונ בין פעסט איבערצייגט, אז ווען חלילה דער וויללען פונ'ם איבערשטען ווערט זיין אונז אויף א פריוו צו שטעללען וועללען אללע פון גרויס ביז קליין בעווייזען אז זיי קאנען לעבען אונ אויך שטארבען יודען.

אללע. יְחִי מַתִּתְיָהוּ! (ניקאנאר און סאלדאטען טראגען א געצענבילד, ערשיינען מיט א מארש).

---

## פִּירְטֶע סְצֶענֶע

ניקאנאר. גוט וָואס אִיךְ הָאבּ דִיךְ דָא גֶעטְרָאפֶען, יוּדִישֶׁער כֹּהֵן' וֶועסְטוּ מִיר טַאקִי אַלֵיין אָנְוַוייזֶען אִין אַייֶער טֶעמְפֶּעל דֶעם הֵיילִיגְסְטֶען פְּלַאץ וואו אִיךְ זָאלל אַנִידֶערְשְׁטֶעללֶען צֶעאוּס, וָואס וֶועט פוּן הַיינְט אָן זַיין אַייֶער גָאטט אוֹיף תָּמִיד.

מתתיהו. זֶעהר פְרֶעמְד קוּמֶען מִיר דַיינֶע וֶוארְטֶער פָאר, און אִיךְ גְלוֹיבּ מִיר גָאר נִיט אַז אִיךְ הָאבּ זֵיי דָא גֶעקֶאנְט הֶערֶן.

ניקאנאר. וַוייסְט זְשֶׁע, אַז אַזוֹי אִיז דֶער ווִילֶּען פוּן אַנְטִיָאכוּס, עֶר ווִילל אַז זַיין גָאטט זָאלל אוֹיךְ בַּיי אַייךְ הֵיילִיג זַיין און קֵיין אַנְדֶערן זָאללְט אִיהר נִיט דִיענֶען.

יהודה. נָא וָואס שְׁטֶעהט אִיהר דָאךְ יוּדֶען און טְרַאכְט? גִיבֶער בּוֹיגְט אָן דִי קֶאפּ פַאר דֶעם נַייֶעם גָאטט וָואס אַנְטִיָאכוּס הָאט אִיהם אַייךְ בֶּעשַׁאפֶען! צוּבְּרֶעכְט דֶעם אָרוֹן, צוּשְׁמֶעטֶערְט דִי לוּחוֹת, צֶעאוּס'ן שֶׁענְקְט אַייֶער כָּבוֹד אַוֶועק, וַוייל אַזוֹי ווִילל דֶער הֶערְשֶׁער פוּן יְהוּדָה.

מתתיהו. גֶענוּג בְּרִידֶער! דָאס וַואסֶער אִיז שׁוֹין אִיבֶּער'ן הַאלְז, עֵת לַעֲשׂוֹת לה'! אֱמֶת, אַ קְנֶעכְט אִיז יִשְׂרָאֵל, אִין פְרֶעמְדֶע הֶענְד אִיז יְהוּדָה, נָאר דָארְט וואוּ עֶס אִיז דָא אַ חִלּוּל הַשֵּׁם מוּזֶען צֶערִיסֶען וֶוערֶען דִי קֵייטֶען און דֶער יוּד בַּארְף פְרֵיי קֶאמְפְּפֶען פַאר זַיין בּוֹרֵא.

אללע. טוֹיט דֶעם פַיינְד!

ניקאנאר. וָואס, אִיהר שְׁטֶעללְט זִיךְ גָאר אַקֶעגֶען? אִיהר פַארְגֶעסְט אַז גְרוֹיס אִיז דֶער צָארן פוּן אַנְטִיָאכוּס און אַז עֶר וֶועט אַייךְ אַלֶע פֶערְנִיכְטֶען.

י ה ו ד ה. גְרֶעסֶער פון אַנְטְיָאכוּס צָארן אִיז דִי לִיעבֶּע פון אוּנְזֶער גָאטט.

מ ת ת י ה ו. הֶאר מִיךְ אוֹיס, הוֹיפְּטְמַאנן, אוּנ גֶעה דִיר פון דַאנֶען מִיט פְּרִיעדֶען, דוּ זֶעהסְט דָאךְ, אַז דָא וֶועסְטוּ גָאר נִיט מַאכֶען, צוּ וָואס זְשֶׁע נִיצְט דִיר נָאךְ צוּרֵייצֶען דָאס פָאלְק אוּנ צוּגִיסֶען בּוֹימֶעל צוּם פַייֶער?

נ י ק א נ א ר. וָואס הֶארְט אִיהר זֵיי? גִיךְ טְרָאגְט אַרַיין צֶעאוּס'ן אִין טֶעמְפֶּעל! (דִי סאלדאטען וויללען עס טהון, יהודה לויפט צו אונ ווארפט אראב דאס געצענבילד אונ חאפט ארוים א שווערד). וָואס טְהוּסְטוּ דוּ אוּמְגְלִיקְלִיכֶער?

י ה ו ד ה. וָואס אִיךְ טְהוּ – דָאס זֶעהט אִיהר אַללֶע! אִיךְ טְהוּ דֶעם ווִילֶען פוּן אוּנְזֶער אַללְמֶאכְטִיגֶען גָאטט וָואס הָאט אוּנְז אָנְגֶעזָאגְט: אֱלֹהֵי נֵכָר לֹא תַעֲשֶׂה לְךָ, אָט לִיגְט עֶר דֶער צֶעאוּס אִין שְׁטוֹיבּ, נָא לָאז עֶר זִיךְ הֶעלְפֶען אוֹיבּ עֶר קָאן.

נ י ק א נ א ר. וָואס שְׁטֶעהט אִיהר? שְׁנֶעלל חַאפְּט אִיהם, שְׁלָאגְט אִיהם, אוֹיף שְׁטִיקֶער צֶערַייסְט אִיהם!

י ה ו ד ה. אִיהר זֶעהט, בְּרִידֶער, ווִי גָאטט אַללֵיין נֶעהמְט זִיךְ אָן פַאר אוּנְז, פַארְשְׁטֵיינֶערְט שְׁטֶעהט דֶער שׂוֹנֵא, רִירֶען קָאן עֶר זִיךְ נִיט, דָאס אִיז אַ פִינְגֶער פוּן גָאטט, עֶר שִׁיקְט אוּנְז שׁוֹין זַיין הִילְף.

א ל ל ע. מִיט אוּנְז אִיז גָאטט!

י ה ו ד ה. נָא, וואוּ אִיז אַייֶער גְבוּרָה, אִיהר גֶעצֶענְדִיענֶער? אֵיינֶער אַללֵיין שְׁטֶעה אִיךְ דָא פַאר אַייךְ אוּנ הָאבּ פַאר אַייךְ קֵיין מוֹרָא נִיט, וַוייל מִיט מִיר אִיז גָאטט.

א ל ל ע. אַ טוֹיט, אַ טוֹיט אוֹיף זֵיי.

מ ת ת י ה ו. בֶּערִירְט זֵיי נִיט, לָאזֶען זֵיי גֶעהן אוּנ דֶערְצֶעהלֶען, אַז אוּנְזֶער אֵל חַי הָאט נָאךְ נִיט פֶערְלָאזְט זַיין אָרִים פָאלְק. (ניקאנאר אונ די סאלדאטען אב).

יהודה. אַצוּנְד פִיהל אִיךְ מִיךְ גֶעטְרֵייסְט פַאר דִי לֶעצְטֶע יְסוּרִים וָואס אִיךְ הָאבּ אַיינְגֶענוּמֶען, אִיךְ זֶעה אַז דֶער יוּדִישֶׁער גֵייסְט לֶעבְּט נָאךְ אִין יְרוּשָׁלַיִם אוּנ וֶועט אוּנְז פַארְהֶעלְפֶען מִיט הֶעלְדֶענְטְהַאטֶען בֶּעצִירֶען דֶעם נָאמֶען פוּן יְהוּדָה.

לאה. אִיצְט הָאסְטוּ אוֹיךְ, אֱלִיעֶזֶר, גֶעלֶעגֶענְהֵייט דַיין פָאלְק אוּנ דַיין לַאנְד צוּ דִיעֶנֶען.

אליעזר. נֵיין מוּטֶטער, דָארְט וואוּ יְהוּדָה אִיז קֶאן אִיךְ מִיךְ נִיט בֶּעטְהֵיילִיגֶען.

מתתיהו. אַ שְׁוֶוערֶע צֵייט קוּמְמְט אַצוּנְד אוֹיף צִיוֹן, נָאר דֶער בִּטָּחוֹן אִין דֶעם וָואס לֶעבְּט עֶבִּיג דַארְף אוּנְז שְׁטַארְקֶען אִין אוּנְזֶער הָאפְנוּנְג אַז גָאטט וֶועט בֶּענְשֶׁען אוּנְזֶער טְהַאט, לָאמִיר זְשֶׁע אִיהם בֶּעטֶען עֶר זָאלל אוּנְז נִיט פֶערְלָאזֶען אִין דֶער נוֹיטה.

כאר. הֵיילִיגֶער גָאטט, הָאבּ רַחֲמָנוּת,
פַאר דַיין נָאמֶען אִיז דִי מִלְחָמָה,
דַיין פָאלְק, דַיין אֱמוּנָה אִיז אִין סַכָּנוֹת,
שִׁיק אוּנְז הִילְף, דֶעם שׂוֹנֵא—אַ נְקָמָה.

(מתתיהו בענשט דאס פאלק. דער פארהאנג פאללט.)

---

# צְוֵויטֶער אַקְט.

(א סאלאן אהן מעבעל ביי אנטיאכוס, סעלינא שטעהט פארטראכט, ארום איהר טאנצען מערכען אונ זינגען.)

## עֶרְשְׁטֶע סְצֶענֶע

באר. פְּרֶעהלִיךְ מוּז בַּאלְד וֶוערן
דָאס סִירִישֶׁע שֶׁאנְסְטֶע וַוייבּ.

פוּן דַיין שֶׁאנֶעם שְׁטֶערן
דִי זָארְג שְׁנֶעלל פֶערְטְרַייבּ׳
גְלַייךְ מִיט אוּנְז טַאנְצֶען שְׁפְּרִינְגֶען ,
גְלַייךְ מִיט אוּנְז זִיךְ פְרֵייעֶן , זִינְגֶען :

(אויף א צייכן פון סעלינא , אללע אב)

סעלינא . נֵיין, מִיךְ רִיהרְט נִיט זֵייעֶר גֶעזַאנְג , מִיךְ נֶעהמְט נִיט זֵייעֶר פְרֵייליכֶער טַאנְץ, דִי דַאֲגָה הָאט זִיךְ נָאךְ טִיעפֶער אַיינְגֶעגְרָאבֶען אִין מַיין הֶערְץ און וִויא אַ שְׁוֶוערֶער שְׁטֵיין פְּרֶעסְט זִי מַיין בְּרוּסְט , דִי מְרִידָה אִין לַאנְד הָאט אויךְ מַיין רוּה פַארְטְרִיבֶען, אוּנ מַיין וֵוייטִיג אִיז נָאךְ גְרֶעסֶער דֶערְמִיט וָואס אִיךְ דַארְף מַיין אֵיינְצִיגֶען פְרַיינְד, ווִי אַ פַיינְד בֶּעטְרַאכְטֶען . . . אַ פַיינְד ? אָ נֵיין , מַיין פְרַיינְד וֶועסְטוּ שְׁטֶענְדִיג זַיין , יְהוּדָה ! קֵיין קְרִיעֶג אִיבֶּער לַאנְד קָאן צוּשְׁטֶערֶען דִי אַייזֶערְנֶע פֶעסְטוּנְג פוּן מַיין לִיעבֶּע , קֵיין הַאס צְווִישֶען נַאצְיָאנֶען אִיז אִים שְׁטַאנְד אוֹיסְצוּלֶעשֶען דָאס הֵיילִיגֶע פַייעֶר וָואס בְּרֶענְט אִין מַיין נְשָׁמָה... דוּ , יְהוּדָה , בִּיסְט דָאס טְהַייעֶרְסְטֶע אִין מַיין לֶעבֶען , דִיר צוּ לִיעבּ בִּין אִיךְ גְרֵייט צוּ פֶערְגֶעסֶען אַללֶעס , אויךְ דֶעם גְרֶעסְטֶען הוּב וָואס אִיךְ בִּין שׁוּלְדִיג מַיין פָאלְק אוּנ מַיין לַאנְד , (מע גיט א צייכען) אָ , צֶעאוּס אַלְלֵיין אִיז מִיר גְנֶעדִיג , אִיךְ הֶער מַיין יְהוּדָה קוּממֶען , אֶפְשָׁר וֶועל אִיךְ אִיהם דָאךְ קֶאנֶען רֶעטֶען (זי גיט א צייכען , א פערבארגענע טהיר עפענט זיך, יהודה ערשיינט).

יהודה . דוּ הָאסְט בֶּעפֶעהלֶען פְּרִינְצֶעסִין , דַיין קְנֶעכְט שְׁטֶעהט פַאר דִיר .

סעלינא . דִי קַאלְטֶקֵייט פוּן דַיינֶע וֶוארְטֶער הָאבּ אִיךְ נִיט פַארְדִינְט , יְהוּדָה , אֱמֶת , זֶעהר פִיעלֶעס הָאט זִיךְ דָא אִין דִי לֶעצְטֶע טֶאג פֶערְאֶנְדֶערְט , נָאר וָואס דַארְף עֶס אוּנְז אָנְגֶעהן , וֶוען מִלְחָמוֹת אָדֶער מַגֵפוֹת הֶערְשֶׁען אִין לַאנְד ? גֶעהט דֶען נִיט יֶעדֶען פְרִיה מָארְגֶען אויף דִי זוּנן , גְלַייךְ ווִי עֶס אִיז גָאר נִיט גֶעשֶׁעהן ? דוּ

יְהוּדָה בִּיסְט דָאךְ מַיין זוּהן, אִיז דֶען מֶעגְלִיךְ אַז דוּ זָאללְסְט נָאר פְּלִיצוּם פֶערְלִירֶען דַיין לִיכְטִיגְקֵייט, דַיין שַׁיין?

יהודה. זַיי מִיר מוֹחֵל פְּרִינְצֶעסִין, וֶוען מַיינֶע רֶעד וֶועטֶען נִיט אַזוֹי זִיס וְוִי פְרִיעֶר, דֶעם אֱמֶת הָאבּ אִיךְ לִיעבּ אוּנ קָאן קֵיין מָאהל נִיט מַיינֶע גֶעפִיהלֶע פַארְלֵייגְנֶען, וָואס זָשֶׁע קָאן מֶען מַאכֶען, אַז דֶער אֱמֶת בְּרֶענְגְט נִיט שְׁטֶאנְדִיג תַּעֲנוּג אוּנ צוּ מָאהל אוֹיךְ יְסוּרִים?... גְרוֹיס אִיז דֶער כָּבוֹד וָואס דוּ הָאסְט מִיר מִיט דַיין מָשָׁל אָבְּגֶעגֶעבֶּען אוּנ מִיךְ פַארְגְלִיכֶען מִיט דֶעם גְרוֹיסֶען לִיכְט פוּנ'ם טָאג; אִיךְ מוּז דִיר אָבֶּער זָאגֶען אַז נִיט תָּמִיד שַׁיינְט דִי זוּנן: וֶוען גֶעדִיכְטֶע הָמַארֶעס בֶּעדֶעקֶען דֶעם שֶׁאנֶעם הִימֶעל אוּנ פִינְסְטֶערֶע וָואלְקֶען פַארְשְׁטֶעללֶען דִי שַׁיין, דֶעמָאלְט מוּז זִי זִיךְ בֶּעהַאלְטֶען מִיט אִיהרֶע שְׁטְרַאהלֶען אוּנ לָאזֶען דִי נַאטוּר אִיהר כַּעַס בֶּעוַוייזֶען אִין אַ שְׁרֶעקְלִיכֶען שְׁטוּרם, אָדֶער זִיךְ שְׁטִילל אוֹיסְוַוייְנֶען אִין אַ מִילְדֶען אַנְגֶענֶעהמֶען רֶעגֶען.

סעלינא. יְהוּדָה! אִיךְ קוּק אוֹיף דִיר וְוִי אוֹיף אַ מַלְאָךְ אוּנ דוּ ווִילְלְסְט מִיר אַלְץ וַוייזֶען, אַז דוּ בִּיסְט נִיט מֶעהר וְוִי אַ שְׁוַואכֶער מֶענְשׁ.

יהודה. אָ נֵיין, סֶעלִינַא, נִיט מַיין שְׁלַאפְקֵייט, מַיין שְׁטַארְקֵייט ווִילל אִיךְ דִיר וַוייזֶען, אוּנ טַאקִי דֶערִיבֶּער בִּין אִיךְ אַהֶער גֶעקוּמֶען: גֶעזֶעגְנֶען ווִילל אִיךְ מִיךְ מִיט דִיר.

סעלינא. אִיךְ פַארְשְׁטֶעה דִיךְ נִיט, יְהוּדָה.

יהודה. הֶער מִיךְ אוֹיס, סֶעלִינַא, אוֹיבּ דַיין רֵיין לִיעבֶּענְד הַארְץ הָאט דִיר אַ מָאהל מִיט שֶׁאנֶע פַארְבֶּען אוֹיסְגֶעמָאהלְט דָאס הֵיילִיגֶע גֶעפִיהל וָואס בִּינְט מִיךְ צוּ צוּ דִיר, הָאט עֶס דִיךְ נִיט אָבְּגֶענַארְט, גְרוֹיס, שְׁרֶעקְלִיךְ, גְרֶענְצֶענְלָאז—אִיז מַיין לִיעבֶּע צוּ דִיר, אִיךְ קָאן דִיךְ נִיט פַארְבַּייטֶען אוֹיף אַללֶע אוֹצְרוֹת אִין דֶער וֶועלְט, אוֹיף דֶעם גְרֶעסְטֶען כָּבוֹד וָואס אַ מֶענְשׁ קָאן נָאר עֶרְרֵייכֶען, נָאר

וָואס זָאלל אִיךְ טְהוּן, אַז מִיךְ בֶּעהֶערְשְׁט נָאךְ אַ גְרֶעסֶער גֶעפִיהל, דָאס אִיז דִי לִיעבֶּע צוּ צִיוֹן, צוּ מַיין הֵיילִיג פָאטֶערְלַאנְד... אַךְ, אַ פִינְסְטֶערֶער וָואלְקֶען, סֶעלִינַא, הָאט זִיךְ אַרוֹיפְגֶעהַאפְּט אוֹיף דֶעם הִימֶמעל פוּן יְהוּדָה אוּנ פַארְטַרייבְּט אִין גַאנְצֶען דַיין בִּילְד פוּן מַיינֶע גֶעדַאנְקֶען, מַיין קָאפּ אִיז בֶּערוֹישְׁט פוּן נְקָמָה, אִיךְ צִיטֶער, וֶוען אִיךְ דֶערְמָאן מִיךְ, אַז אִין מַיין שׂוֹנְאִ'ס גֶעצֶעלְט גֶעפִינְט זִיךְ אַ הַארְץ וָואס קְלַאפְּט פוּן מַיינֶעטְוֶועגֶען, אִיךְ שְׁרֶעק מִיךְ פַארְ'ן כֹּחַ פוּן אַזַא עֶרִינְנֶערוּנְג, זִי זָאלל נִיט שְׁלַאבֶּערִיג מַאכֶען מַיין הַאנְד, נִיט שְׁוַואךְ מַאכֶען מַיין גֵייסְט, דֶערִיבֶּער זָאג אִיךְ דִיר, סֶעלִינַא, אַז מִיר מוּזֶען פַארְגֶעסֶען אַללֶעס וָואס צְווִישֶׁען אוּנְז אִיז גֶעוֶועהן וִוי שְׁוֶוער דָאס זָאלל נִיט זַיין, מִיר מוּזֶען צוּשְׁטֶערן, צוּרַייסֶען אוּנְזֶער הֶערְצֶענְסְבַּאנְד, אוּנ אוֹיב דוּ ווִילְסְט מִיר דַיין לֶעצְטֶען לִיעבֶּעסְדִיענְסְט בֶּעווַייזֶען זָאלְסְטוּ אִינְאֵיינֶעם מִיט מִיר גָאטט בֶּעטֶען עֶר זָאלל מִיךְ שְׁטַארְקֶען בִּיז צוּם לֶעצְטֶען אוֹיגֶענְבְּלִיק אוּנ אַז אִיךְ וֶועלל פַאללֶען מִיט דֶער שְׁוֶוערְד אִין דֶער הַאנְד זָאלל זִיךְ נִיט דַ יי ן נָאמֶען אַרוֹיפְהַאפֶּען אוֹיף מַיינֶע לִיפֶּען, נָאר מִיט'ן זֵכֶר פוּן צִיוֹן זָאלל אִיךְ אוֹיסְהוֹיכֶען מַיין נְשָׁמָה.

ס ע ל י נ א. אַצוּנְד זֶעה אִיךְ פַאר מִיר ווִידֶער דֶעם גְרוֹיסֶען הֶעלְד,
אוּנ נָאךְ שְׁוֶוערֶער אִיז זִיךְ מִיר צוּ שֵׁיידֶען פוּן דִיר.
וִוי גְלִיקְלִיךְ וָואלְט אִיךְ מִיךְ גֶעפִיהלְט וֶוען דוּ וָואלְסְט גֶעקֶאנְט בֶּענוּצֶען דַיין גְבוּרָה אִין פְרִיעדֶען צוּם וָואהל פוּנ'ם לַאנְד, בַּארֶעכֶען דִיךְ נָאךְ, יְהוּדָה, אֶפְשַׁר אִיז מֶעגְלִיךְ עֶס זָאלל וֶוערֶען שָׁלוֹם, אִיךְ פוּן מַיין זַייט וָואלְט גֶעזֶעהן אַז דֶער קֶענִיג זָאלל פִיעלֶעס נָאכְגֶעבֶּען.

י ה ו ד ה. אָ נֵיין, פוּן שָׁלוֹם קֶען מֶען שׁוֹין אַצוּנְד נִיט רֶעדֶען,
וֶוען דָאס פַייעֶר הָאט זִיךְ שׁוֹין אַרַיינְגֶעהַאפְּט אִין הוֹיז
פוּן מַתִּתְיָהוּ אוּנ אַרוֹיסְגֶערִיסֶען אַזַא קָרְבָּן וִוי מַיין בְּרוּדֶער אֶלְיָעזֶר,
אִיז דִי סַכָּנָה שׁוֹין צוּ גְרוֹיס.

ס ע ל י נ א. וֶוען אִיךְ הָאבּ דִיךְ גֶעשִׁיקְט רוּפֶען הָאבּ אִיךְ נָאךְ גֶעהָאפְט, אַז מַיין לִיעבֶּע וֶועט דִיךְ אָבְּהַאלְטֶען פוּן

דֶעם שְׁרֶעקְלִיכֶען שְׁרִיט וָואס דוּ הָאסְט זִיךְ אוֹיף אִיהם עֶנְטְשְׁלָאסֶען ; אַצוּנְד אָבֶער וִוילל אִיךְ דִיךְ נָאר בֶּעטֶען זָאלְסְט שְׁנֶעלל פוּן דַאנֶען אַנְטְלוֹיפֶען, וַוייל דָא אִיז דַיין לֶעבֶּען אִין גֶעפַאהר .

י ה ו ד ה . מַיין גָאטט שִׁיצְט מִיךְ אוּנ קֵיין זַאךְ קָאן מִיךְ נִיט אָבְּשְׁרֶעקֶען, פַאר צִיוֹן וִוילל אִיךְ לֶעבֶּען, פַאר צִיוֹן שְׁטַארְבֶּען!...

סעלינא אונ יהודה . זִיךְ שֵׁיידֶען אִיז מִיר זֶעהר שְׁוֶוער ,
נָאר אַנְדֶערְשׁ קָאן עֶס דָאךְ נִיט זַיין ,
מַיין פָאלְק קָאן שׁוֹין נִיט טְרָאגֶען מֶעהר
דֶעם יָאךְ , דִי צָרָה , דִי פַּיין .

(יהודה לויפט ארוים דורך דער פערבארגענער טהיר, סעלינא אב, אין דער אנדערער זייט , אין דער מיטעלטהיר ערשיינען ניקאנאר אונ אליעזר)

## צְוַוייטֶע סְצֶענֶע

נ י ק א נ א ר . דַיין נָאמֶען אֱלִיעֶזֶר וֶועט עֶבִּיג לֶעבֶּען בַּיי דַיינֶע בְּרִידֶער, וַוייל דוּ בִּיסְט דֶער קְלִינְגְסְטֶער פוּן זֵיי וָואס דוּ הָאסְט פַארְשְׁטַאנֶען, אַז מִיט אַזַא מַאכְט וִוי אוּנְזֶערֶע דַארְף מֶען זִיךְ נִיט קְרִיגֶען , אוּנ אוֹיבּ עֶס וֶועט דִיר גֶערָאטְהֶען דֶערְהַאלְטֶען דֶעם שָׁלוֹם הָאטְשִׁי אִין יְרוּשָׁלַיִם וֶועסְטוּ דֶעם גְרֶעסְטֶען לָאהן בֶּעקוּמֶען פוּן אַנְטְיָאכוּס .

א ל י ע ז ר . וִוי אַ זוּהן פוּן מַיין פָאלְק וָואס הָאט עֶס בֶּאֱמֶת לִיעבּ אוּנ מֵיינְט נָאר זַיין טוֹבָה , אוּנ וִוי אַ אוּנְטֶערְ-טְהֶענִיגְסְטֶער דִינֶער פוּן דֶער מְלוּכָה וָואס שִׁיצְט אוּנְז אוּנ בֶּעטְרַאכְט אוּנְז וִוי קִינְדֶער, הָאבּ אִיךְ גֶעטְהוּן מַיין פְּפְלִיכְט גָאר אָהן אַ שׁוּם הָאפְנוּנְג אוֹיף עֶפֶּעס אַ שְׂכַר .

**ניקאנאר.** ווִי בֶּעטְרִיבְּט דֶער קֶאנִיג אִיז גֶעוֶועהן וָואס יְהוּדָה אִיז אַזוֹי אַרוֹיסְגֶעשְׁפְּרוּנְגֶען אוּנ הָאט אָנְגֶעצוּנְדֶען דָאס פַּייעֶר פוּן מְרִידָה אִין גַאנְצֶען לַאנְד, הָאט אִיהם דַיין שְׁרִיט אַללֶעס פַאראֶנְפְּעֶרְט, וַוייל עֶר וֶוייסְט וָואהל, אַז דָאס הוֹיז פוּן מַתִּתְיָהוּ אִיז זֶעהר בֶּעלִיעבְּט בַּיים פָאלְק, אוּנ וֶוען אֵיינֶער פוּן זַיינֶע זִיהן הָאט אַ פֶּעהלֶער גֶעמַאכְט, קָאן עֶס דֶער אַנְדֶערֶער פַארְרֶעכְטֶען אוּנ אָנְוַוייזֶען דִי יוּדֶען דֶעם רֶעכְטֶען וֶועג וָואס זֵיי דַארְפֶען גֶעהן.

**אליעזר.** אָ, דֶערמָאן מִיךְ נִיט אִין יְהוּדָה, וַוייל אִיךְ הָאבּ אִיהם שׁוֹין לַאנְג פוּן מַיין הַארְץ ווִי אַ בְּרוּדֶער אוֹיסְגֶעמֶעקְט, אִין אִיהם מוּז אִיךְ דִי גְרֶעסְטֶע נְקָמָה דֶערְלֶעבֶּען, וַוייל עֶר הָאט פִּיעלֶע פוּן מַיינֶע בְּרִידֶער אָבְּגֶעגַארְט אוּנ זֵיי וֶועלֶען פַאללֶען פַאר אַ קָרְבָּן פוּן אַנְטְיָאכוּס גֶערֶעכְטֶען צָארְן.

**ניקאנאר.** דֶער פַאר וָואלְט אִיךְ זֶעהר גֶעוָואלְט זָאלְסְט זֶעהן פַארְהִיטֶען וֶועניגְסְטֶענְס יְרוּשָׁלַיִם, מִיר זָאללֶען נִיט דַארְפֶען הָאבֶּען צוּ טְהוּן מִיט אַ אִינְוֶוענִיגְסְטֶען אוּנ אַ אוֹיסְעֶנְוֶוענִיגְסְטֶען פַיינְד, יְהוּדָה'ס אַרְבֵּייט פִּיהלְט מֶען אִימֶעדוּם, אִין עֶרְגֶעץ קָאן מֶען אִיהם נִיט גֶעפִינֶען אוּנ דָאךְ הָאט עֶר זַיין נִיפְט פֶערְבְּרֵייטֶעט אִין גַאנְצֶען לַאנְד, מֵילָא דִי אַנְדֶערֶע שְׁטֶאדט הָאבֶּען מִיר שׁוֹין בֶּעוָוארִינְט אוּנ אַהִין גֶענוּג חַיִל אַרוֹיסְגֶעשִׁיקְט, יְרוּשָׁלַיִם אָבֶּער שְׁטֶעהט אִין גֶעפַאהר, אוּנ דָא קָאן נָאר הֶעלְפֶען אַזוֹינֶער וָואס זַיין נָאמֶען אִיז גְרוֹיס אוּנ זַיינֶע רֶעד קֶאנֶען הָאבֶּען אַ וֶוערְטה, אוּנ אַזוֹינֶער בִּיסְט דוּ נָאר, אֱלִיעֶזֶר.

**אליעזר.** אֵיין לַאנְד הָאבֶּען מִיר, אֵיין גָאטט דִיעֶנֶען מִיר, אוּנְזֶער פְּלִיכְט אִיז גְלַייךְ!

**קריגער.** דֶער קֶאנִיג! (עס ערשיינען הויפטלייטע אונ אנטיאכוס).

# דְרִיטֶע סְצֶענֶע

אנטיאכום. טְרֶעט אַהֶער נֶאהֶענְטֶער צוּ מִיר, זוּהן פוּן מַתִתְיָהוּ,
אוּנ נֶעהם צוּ דֶעם דַאנְק וָואס דֶער קֶאנִיג גִיט דִיר
אָב אִים נָאמֶען פוּנ'ם לַאנְד, וָואס הָאט דָאס רֶעכְט פוּן דִיר נָאךְ
פִיעל גְרֶעסֶערֶעס צוּ עֶרְוַוארְטֶען, אוּנ אַזוֹי וִוי מַיין צוּטְרוֹיֶען צוּ דִיר
אִיז זֶעהר גְרוֹיס וִוילל אִיךְ דִיר אָנְטְהוּן אוֹיךְ דֶעם גְרֶעסְטֶען כָּבוֹד:
אוֹיפ'ן אָרְט פוּן דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ וֶועט אַ נַיי טֶעמְפֶּעל פוּן צֶעאוּס
אוֹיסְגֶעבוֹיעט וֶוערֶען אוּנ דוּ וֶועסְט דֶער פְּרִיסְטֶער דָארְט זַיין, אוּנ
פוּן הַיינְט אָן זָאלְסְטוּ שׁוֹין טְרָאגֶען דֶעם נָאמֶען אַיאַקְס.

אללע. עֶס לֶעבֶּע אַיאַקְס!

אליעזר. צוּ קְלֵיין בִּין אִיךְ צוּ דֶער גְנַאדֶע, צוּ וֶוענִיג אִיז מַיין
פֶּערְדִינְסְט.

אנטיאכוס. אַזוֹי אִיז דֶער וִוילְלֶען פוּן צֶעאוּס, אַזוֹי בֶּעפֶעהלְט עֶר
דוּרְךְ מַיין מוֹיל.

ניקאנאר. דֶער נַייעֶר פְּרִיסְטֶער אַיאַקְס הָאט דָאס גְלִיק אָנְצוּ-
הֵייבֶּען זַיין טְהֶעאטִיגְקֵייט זֶעהר אִין אַ גוּטֶער צַייט,
יְהוּדָה דֶער מוֹרֵד הָאט בֶּעוִיזֶען אוֹיךְ דֶעם אַלְטֶען מַתִתְיָהוּ עֶר זָאלל
זִיךְ מִיט אִיהם אַוֶועקְלָאזֶען אִין דִי קְלֵיינֶע שְׁטֶעאדְט אוּנ דָארְט
אוֹיפְרֵייצֶען דָאס פָאלְק, דֶערְוַוייל אִיז קֵיינֶער נִיט גֶעבְּלִיבֶּען אִין
יְרוּשָׁלַיִם וָואס זָאלל זִיךְ אִיהם קֶאנֶען אַקְעגֶענְשְׁטֶעללֶען אוּנ וֶועלֶען
בֶּעשִׁיצֶען דָאס אַלְטֶע הֵיילִיגְטְהוּם, אוּנ עֶס וֶועט אִיהם גֶעוִויס
גֶערָאטְהֶען דִי מַאכְט פוּן צֶעאוּס צוּ פַארְבְּרֵייטֶען אִין זַיין פָאלְק.

אנטיאכוס. אוּנ אַזוֹי וֶועט אוֹיךְ זַיין, וַוייל אֵיין מָאהל הָאבּ אִיךְ
גֶעזָאגְט אַז נָאר אֵיין צֶעאוּס דַארְף הֶערְשֶׁען אִין
צִיוֹן — מוּז עֶס אַזוֹי בְּלַייבֶּען.

ניקאנאר. דַיין פֶעסְטֶער וִוילְלֶען, קֶאנִיג, לָאזְט מִיךְ גָאר נִיט
מְסוּפָּק זַיין אַז צֶעאוּס וֶועט דִיר שֶׁענְקֶען נִצָחוֹן.

נָאר אִיךְ קָאן פוּן דִיר נִיט פַארְהוֹילֶען אַז מִיר בֶּעקוּמֶען פוּן דֶער אוּמְגֶעגֶענְד זֶעהר נִיט קֵיין פְרֶאהלִיכֶע בְּשׂוּרוֹת, וִוי אַ בֵּייזֶער וָואלְף דֶרֶעהט זִיךְ יְהוּדָה אַרוּם צְווִישֶׁען דִי יוּדֶען אוּנ זַאמֶעלְט קְרִיגֶער אוּנ וואוּ עֶר קָאן מִיט זַיין שַׁארְפֶער צוּנְג נִיט פוּעֶל'ן שִׁיקְט עֶר דֶעם אַלְטֶען פְרוּמֶען טַאטֶען אוּנ דֶער וַוייל וֶוערְט דִי מְרִידָה אַלֶע מָאהל מֶעהר בֶּעפֶעסְטִיגְט אוּנ וָואס אַ טָאג שְׁפֶּעטֶער וֶועט מֶען בֶּעדַארְפֶען הָאבֶּען אַ גְרֶעסֶערֶע מַאכְט דֶעם גִיפְט צוּ פֶערְנִיכְטֶען.

**אנטיאכוס.** אִיךְ הָאבּ דָאס שׁוֹין גֶעטְרַאכְט אוּנ טַאקִי בֶּעשְׁלָאסֶען נָאךְ הַיינְט אַלֵיין אַרוֹיסְפָאהרֶען אוּנ מִיט מַיין אֵייגֶענֶעם פֶערְשְׁטַאנְד פִיהרֶען דֶעם קְרִיג; דֶעמָאלְט, הָאף אִיךְ, וֶועט עֶס נִיט אַזוֹי פִיעל דוֹיעֶרן.

**אליעזר.** דוּ וֶועסְט אוֹיךְ עֶרְלוֹיבֶּען, קָאנִיג, דַיין פְרוּמֶער קְנֶעכְט זָאלל דִיךְ בַּאלֵייטֶען אִין דֶער מִלְחָמָה, אִיךְ בִּין זִיכֶער אַז צֶעאוּס וֶועט דִיר דִי פַיינְדֶע אִיבֶּערְגֶעבֶּען אִין דִי הֶאנְד אַרַיין, דֶערְצוּ וֶועל אִיךְ דִיר נָאךְ אַ וָואהל מִיטֶעל גֶעבֶּען, דִי יוּדֶען, וַוייסְטוּ, הִיטֶען זֶעהר אָבּ שַׁבָּת, מוּז מֶען פּוּנְקְט פְרַייטָאג פַאר נַאכְט אָנְפַאללֶען אוֹיף זֵיי אוּנ דָארְט וואוּ דֶער אַלְטֶער כֹּהֵן אִיז אַלֵיין דָא וֶועט מֶען זִיךְ נִיט דֶערְוָועגֶען מְחַלֵל שַׁבָּת זַיין אוּנ דִי יוּדֶען וֶועלֶען פַאללֶען וִוי שְׁטְרוֹי.

**אנטיאכוס.** דָאס אִיז אַ גֶאטְלִיכֶער גֶעדַאנְק, נָאר צֶעאוּס אַלֵיין הָאט דִיר אִיהם גֶעקֶאנְט אִין קָאפּ אַרַיינְשִׁיקֶען, יָא, דוּ הָאסְט רֶעכְט, נָאר אִיךְ וָואלְט מִיךְ נָאךְ גְלִיקְלִיכֶער גֶעפִיהלְט, וֶוען יְהוּדָה זָאלל שׁוֹין מֶעהר נִיט זַיין, אִיךְ זָאלל מִיךְ נִיט דַארְפֶען עֶרְנִידְרִיגֶען צוּם קְרִיג מִיט אַ שְׁקְלַאוֶוע.

**ניקאנאר.** אָ צוּם אוּמְגְלִיק אִיז דָאס אוּמְמֶאגְלִיךְ, וַוייל גֶעפִינֶען יְהוּדָה אִיז זֶעהר שְׁוֶוער, אִימֶעדוּם אִיז עֶר דָא, אוּנ דָאךְ קָאן מֶען אִיהם נִיט אָבְּזוּכֶען מִיט לִיכְט, אָט זֶעהט מֶען אִיהם אִין יְרוּשָׁלַיִם, אוּנ אָט אִיז עֶר שׁוֹין גַאנְץ וַוייט פוּן דַאנֶען, עֶס וָואלְט

אַ סך גְלַייבֶער גֶעוֶועהן, וֶוען מִיר הָאבֶּען אַזאַ הֶעלְד וִוי יְהוּדָה פַאר אַ פְרַיינְד אֵיידֶער אַ שׂוֹנֵא.

א ל י ע ז ר. אָ, אוֹיךְ דָא מוּז אִיךְ זַיין לוֹיב הֶארֶען!

א נ ט י א כ ו ס. אִיךְ שְׁוֶוער אָבֶּער בַּיי צֶעאוּס אַז מֶע מוּז אִיהם גֶעפִינֶען, פוּן אוּנְטֶער דֶער עֶרְד מוּז מֶען אִיהם אוֹיס־גְרָאבֶּען, טוֹיזֶענְד צֶענְטֶער גָאלְד וֶועל אִיךְ פַאר זַיין קָאפּ גֶעבֶּען!

(יהודה ערשיינט דורך דער פערבארגענער טהיר, אללע טרעטען אב מיט שרעק).

י ה ו ד ה. נָא וָואס הָאט אִיהר אַייךְ אַללֶע אַזוֹי דֶערְשְׁרָאקֶען? דָאס בִּין אִיךְ, יְהוּדָה, קֶענְסְט אַצוּנְד, שְׁטָאלְצֶער אַנְטִיָאכוּס, בֶּעהַאלְטֶען דָאס גָאלְד וָואס דוּ הָאסְט מַיין קָאפּ אָבּ־גֶעוָואגֶען, וַוייל דוּ וֶועסְט עֶס בֶּעדַארְפֶען צוּ דֶער מִלְחָמָה. (סעלינא ערשיינט).

נ י ק א נ א ר. שְׁטַארְבּ דוּ נִיכְטְסְוִוירְדִיגֶער! (ער וויללט שטעכען יהודה, סעלינא טרעט אין מיטען).

י ה ו ד ה. שַׁאדֶע, פְּרִינְצֶעסִין, וָואס נִיט צוּ קֵיין רֶעכְטֶער צַייט הָאסְטוּ דַיין רַחֲמָנוּת בֶּעוִויזֶען אוּנ דֶערְמִיט נִיט מַיין לֶעבֶּען גֶערֶעטֶעט. נָאר אָט דֶעם נַארִישֶׁען גִבּוֹר מַצִיל גֶעוֶועהן פוּן בּוּשָׁה, אַזאַ מִילְבּ קָאן מִיךְ נִיט דֶערְשְׁרֶעקֶען, זַיין מֶעסֶער הָאט וֶועניג וָואס גֶעקֶאנְט שַׁאדֶען דֶעם, וָואס הָאט קֵיין מוֹרָא נִיט צוּ קוּמֶען אִין הֵייל פוּן דֶעם טִיגֶער אוּנ אִיהם אִין דִי אוֹיגֶען לַאבֶּען פוּן זַיין צָארְן אוּנ פוּן זַיין פַּחַד.

ס ע ל י נ א. לָאז דִיךְ צֶעאוּס בֶּעשִׁיצֶען, מַיין גֶעלִיעבְּטֶער! (זי געהט לאנגזאם אב).

א נ ט י א כ ו ס. גְרוֹיס וִוי זַיין נַארִישֶׁע גַאֲוָה אִיז, אַזוֹי גְרוֹיס מוּז אוֹיךְ זַיין שְׁטְרָאף זַיין, טֵייטֶען אִיהם דַארְף מֶען נִיט, דֶער טוֹיט וָואלְט אִיהם מִיט אַמָאהל בֶּעפְרַייעט פוּן אַללֶע שְׁטְרֶעבּוּנְגֶען, אוּנ אוֹיךְ פוּן דֶער מְשׁוּגָענֶער אַיינְבִּילְדוּנְג פוּן אַ הִימְלִישֶׁער מַאכְט, גֵיין, אִיהם מוּז מֶען עֶרְנִידְרִיגֶען, טִיעף אִין דֶער

עֶרְד זַיין כָּבוֹד לֶעגֶען , אוּנ דַארִיבֶּער בֶּעפֶעהל אִיךְ: מֶע זָאלל אִיהם
אִין גֶעפֶענְגְנִים אַיינְשְׁלִיסֶען אוּנ דָארְטֶען זָאלל עֶר זִיךְ אִיבֶּערְנֶעהמֶען
מִיט זַיין כֹּחַ, מִיט זַיין חָכְמָה (אוֹיף א צייכען פון ניקאנאר ערשיינען
פיער קריגער אונ רינגלען ארום יהודה).

יהודה. אָ אִיהר בְּלִינְדֶע! נָאר מַיין גוּף קֶאנְט אִיהר קֵייטֶען
אֶנְטְהוּן, אִין תְּפִיסָה הַאלְטֶען, מַיין נְשָׁמָה אִיז אָבֶּער
נִיט בַּיי אַייךְ אִין דִי הֶאנְד, זִי גֶעהֶערט שׁוֹין פוּן לַאנְג מַיין פָּאלְק
יִשְׂרָאֵל אוּנ וֶועט זֵיי אָהן מִיר אוֹיךְ אוֹיפְמוּנְטֶערן צוּם קְרִיעג אוּנ זֵיי
הֶעלְפֶען מְנַצֵחַ זַיין דֶעם שׂוֹנֵא, דֶעם רָשָׁע! (אב מיט די קריגער).

אנטיאכוס. אַ פִינְגֶער פוּן צֶעאוּס זֶעה אִיךְ אִין דֶעם, עֶר אַלֵיין
הָאט אוּנְז דֶעם קָאפּ פוּן דִי יוּדֶען אִין דִי הֶאנְד
גֶעשִׁיקְט, אַצוּנְד מֶאגֶען מִיר מִיט אַ גְרִינְג הַארְץ אָנְהֵייבֶּען דִי מִלְחָמָה.

כאר. צוּם קְרִיעג וְוִי צוּם טַאנְץ
גֶעהֶען מִיר בַּאלְד מִיט גְלִיק,
מִיט פְרֵייד, כָּבוֹד, גְלַאנְץ
וֶועלֶען מִיר קוּמֶען צוּרִיק,
דֶער שׂוֹנֵא לִיגְט שׁוֹין בַּיי דִי פִיס.
וַוי וָואהל אִיז דֶער זִיעג, וְוִי שֶׁאן, וַוי זִיס! (אללע אב

---

## פִירְטֶע סְצֶענֶע

(דיזעלבע דעקאראציאן פונ'ם ערשטען אקט, בועז אין פיעל יודען רעדען).

בועז. אִיךְ זָאג אַייךְ נָאךְ אֵיין מָאהל אַז אִיךְ קֶאן עֶס גָאר קַאלְט
בְּלוּטִיג נִיט צוּקוּקֶען, וְוִי אַזוֹי מֶענְשֶׁען עֶרְלוֹיבֶּען זִיךְ צוּ
לִיעב נַארִישֶׁען כָּבוֹד מַקְרִיב צוּ זַיין אַ גַאנְץ פָּאלְק, אִיךְ פְרֶעג גָאר,
וְואס הָאט אוּנְז גֶעפֶעהלְט דִי לֶעצְטֶע עֶטְלִיכֶע יָאהר אוּנְטֶער דֶער

מאכט פון אנטיאכוס ? אונ אז ער האט טאקי געוואלט די יודען א
ביסעל אבגעוואהנען פון אלטע עטליכע מנהגים, איז אין דעם אויך
קיין גרויס אומגליק ניט געוועהן. א ביסעל וואלטען מיר בעדארפט
נאכגעבען, פון פיעלען וואלט ער זיך אלליין געוועהן אבגעזאגט.
אונ אזוי וואלט זיך די גאנצע זאך געענדיגט וואהל אונ פיין פאר
ביידע זייטען, האט זיך אבער בעדארפט אונטערהאפען דער יהודה
מיט'ן גרויסען מויל אונ אונטערהיצען אויך דעם אלטען מתתיהו
וואס איז שוין גאר עבר בטל; אצונד איז שוין אללעס פערלארען.
דאס פייער איז שוין אזוי גרויס אז עס איז שווער צו פארלעשען.
(לאה מיט בנימין ערשיינען) נאר מיין עצה וואללט פארט געוועהן
מע זאלל זיך צונויפנעהמען עטליכע פיינע בעלי בתים אונ אין א
שאנעם בריעף צום קאניג זאללען מיר אויסדריקען אונזערע אונטער-
טהאניגקייטסגעפיהלע אונ דייטליך ערקלערען אז מיר האבען ניט
קיין שום מגע ומשא מיט די וואס שטארן דעם שלום פונ'ם לאנד.

ל א ה. א דו גיפטיגע שלאנג, נאך אצונד אין אזוינע שרעקליכע
טאג, ווען אללע אונזערע קינדער זענען אויפען שלאכט-
פעלד, ווען אפילו מיין קראנקער אלטער מתתיהו האט זיך ענט-
שלאסען מיטצוגעהן מיט אונזערע ברידער, די געפאהר מיט זיי
צוטהיילען אבי זיי שטארקען צו דער גרויסער מצוה—זוכסטו ארייג-
נווארפען א פונק פון אונצופרידענהייט צווישען די עטליכע שלאפע
יודען וואס זענען נאך צוריקגעבליבען אין ירושלים ? אבער גיין, דאס
וועט דיר ניט געראטהען, די אויערן פון איין אמת'ן יודען דארפען
פארשטאפט בלייבען פאר דיינע פאלשע רעד, אונ יעדער פון אונז
מוז גלייבען אונ האפען, אז עס שלאפט ניט אונ דרעמעלט ניט דער
שומר ישראל.

ב ו ע ז. אט דאס לשון הארען מיר שוין פון לאנג אונ צו קיין גוטס
האט עס דערוויל ניט געפיהרט, ווי שאף טרייבט מען
אונזערע קינדער זיי זאללען זייער בלוט פארגיסען פאר א זאך וואס

פֶּעהלְט אוּנְז גָאר נִיט, וָואס מִיר דַארְפֶען עֶס נִיט.

**ל א ה.** אָט דָאס אִיז טַאקִי דִי סִבָּה וָואס יְהוּדָה הָאט זִיךְ עֶנְטְשְׁלָאסֶען מִלְחָמָה צוּ פִיהרֶען, כְּדֵי צוּ דֶערְמָאנֶען דֶעם פָאלְק וָואס עֶס פֶעהלְט זֵיי אוּנ וָואס זֵיי בֶּעדַארְפֶען, אוּנ צוּ לִיעבּ דֶעם אִיז יֶעדֶער, וָואס אִין אִיהם קְלַאפְּט אַ יוּדֶעשׁ הַארְץ – מְחוּיָּב זַיין לֶעצְטֶען טְרָאפֶּען בְּלוּט אַוֶועקְצוּגֶעבֶּען אַבִּי צִיּוֹן'ס לִיכְט זָאלל וַוייטֶער שַׁיינֶען וִוי פְרִיעֶר!.. אָט זֶעהסְטוּ, קַיין מוּטטֶער הָאט נָאךְ אַזוֹי פִיעל נִיט גֶעאָפְּפֶערְט וִוי אִיךְ, פוּן מַיינֶע זִיבֶּען קִינְדֶער זֶענֶען זֶעקְס בַּיי דֶער מִלְחָמָה, נָאר אֵיין בִּנְיָמִין אִיז מִיר דָא פַאר אַ שְׁטִיצֶע גֶעבְּלִיבֶּען, נָאר וֶוען עֶס זָאלל נֶאטְהִיג זַיין וָואלְט אִיךְ אוֹיךְ אִיהם, מַיין יוּנְגְסְטֶען זוּהן, אַוֶועקְגֶעשִׁיקְט עֶר זָאלל זַיין בְּלוּט צוּמִישֶׁען צוּם בְּלוּט פוּן דִי הֶעלְדֶען וָואס דַארְף דִיענֶען פַאר אַ כַּפָּרַת עָוֹן אַזוֹינֶע יוּדֶען וִוי דוּ.

**ב ו ע ז.** הָאסְט אַ טָעוּת, לֵאָה, נִיט פִיעל יוּדֶען וִוי אִיךְ דַארְפֶען הָאבֶּען אַ כַּפָּרַת עָוֹן אוּנ נִיט אַללֶע דַיינֶע זִיהן פַארְגִיסֶען זַייעֶר בְּלוּט צוּ לִיעבּ דֶעם, אֵיינֶער פוּן זֵיי הָאט זִיךְ צוּ אַנְטְיָאכוּס גֶעקֶעהרְט אוּנ זָאגַאר זַיין יוּדִישֶׁען נָאמֶען פַארְבִּיטֶען, דָאס הָאט אֱלִיעֶזֶר גֶעטְהוּן אוּנ גָאר נִיט קְרוּם.

**א ל ל ע.** וָואס הֶערֶען מִיר?

**ל א ה.** אָ גְלֵייבְּט אִיהם נִיט יוּדֶען, הֶערְט נִיט דָאס שְׁרֶעקְלִיכֶע רְכִילוּת וָואס אִיז נָאר וָואס פוּן זַיינֶע זִינְדִיגֶע לִיפְּפֶען אַרוֹיס, דָאס אִיז אַ לִיגֶען, אַ אוּנְמֶעגְלִיכְקֵייט! גִיכֶער קֶאן דִי זוּנן אוֹיפְהֶערֶען שַׁיינֶען, גִיכֶער קֶאן דִי לְבָנָה פַארְלִירֶען אִיהר גְלַאנְץ, אֵיידֶער פוּן מַתִּתְיָהוּ'ס מִשְׁפָּחָה זָאלל אַרוֹיס אַזַא גְרוֹיזַאמֶער, אַזַא שֶׁענְדְלִיכֶער רָשָׁע (ניקאנאר אונ קריגער ערשיינען).

---

## פִינְפְטֶע סְצֶענֶע

ניקאנאר. פַארְנֶעהמְט דֶעם אַיינְגַאנְג אִין טֶעמְפֶּעל! אוּנְזֶער גְרוֹיסֶער קֶאנִיג אַנְטְיָאכוּס אִיז הַיינְט מִיט גְלִיק אוּנ מִיט דֶער בְּרָכָה פוּן דֶעם הֵיילִיגֶען פְּרִיסְטֶער אַיַאקְס אַרוֹיסְגֶעפָאהרֶען אַיינְצוּשְׁטִילְלֶען דִי מוֹרְדִים אוּנ זַיין לֶעצְטֶער בֶּעפֶעהל אִיז גֶעוֶועהן: מֶע זָאלל אִיבֶּערְבּוֹיעֶן אַייעֶר בֵּית הַמִקְדָשׁ אוֹיף אַ טֶעמְפֶּעל פוּן דֶעם אַללְמֶאכְטִיגֶען צֶעאוּס, אוּנ אַז עֶר וֶועט בְּשָׁלוֹם צוּרִיקְקוּממֶען וֶועט דָארְט אַיַאקְס צוּם עֶרְשְׁטֶען מָאהל גָאטט דִיעֶנֶען וִוי אוּנְזֶערֶע גֶעזֶעצֶע הֵייסֶען. אִיךְ הָאף אַז קֵיינֶער וֶועט זִיךְ נִיט מֶעהר אַקֶעגֶענְשְׁטֶעללֶען אוּנ מֶע וֶועט מִיר מִיט גוּטֶען אָבְגֶעבֶּען דִי שְׁלִיסֶעל אוּנ מִיךְ נִיט נֶאטְהֶען צוּ בֶּענוּצֶען מַיין קְרַאפְט.

בּ ו ע ז. מִיט עֶהרְפוּרְכְט בֶּעגְרִיסֶען מִיר דִיךְ, הוֹיפְּטְמַאנְן פוּן אוּנְזֶער גֶעזֶעצְלִיכֶע מְלוּכָה, אוּנ מִיט פְרֵייד בֶּענוּץ אִיךְ דִיא גֶעלֶעגֶענְהֵייט דִיר צוּ עֶרְקְלֶערֶען, אַז נִיט אַללֶע אַיינְוָואהנֶער פוּן יְרוּשָׁלַיִם זֶענֶען אוּנְצוּפְרִידֶען; פַארְקֶעהרְט, עֶס זֶענֶען דָא זֶעהר פִיעל אִיבֶּערְגֶעבֶּענֶע יוּדֶען וָואס וִוינְשֶׁען, אַז אַנְטְיָאכוּס זָאלל גוֹבֵר זַיין דֶעם נַארִישֶׁען שׂוֹנֵא אוּנ זָאלל זִיךְ צוּרִיק מִיט חֶסֶד זֶעצֶען אוֹיף זַיין שְׁטוּהל אוּנ רוּהִיג הֶערְשֶׁען אִין לַאנְד...

ל א ה. אָ נֵיין, עֶס אִיז נִיט אֶמֶת, אַזוֹינֶע יוּדֶען זֶענֶען נִיטָא אִין יְרוּשָׁלַיִם, נָאר דֶער שָׂטָן רֶעדְט פוּן אִיהם אַרוֹיס!

בּ ו ע ז. דָאס אוּמְגְלִיק אִיז אָבֶּער וָואס דִי מִשְׁפָּחָה פוּן מַתִּתְיָהוּ הָאט זִיךְ אַלְלֵיין גֶעמַאכְט פַאר הֶערְשֶׁער אִין צִיוֹן אוּנ לָאזְט קֵיינֶעם נִיט קֵיין קָאפּ אוֹיפְהֵייבֶּען, אָט וָואלְטֶען מִיר דַיין ווּאוּנְשׁ מִיט שִׂמְחָה עֶרְפִילְלְט אוּנ דִיר דִי שְׁלִיסֶעל פוּנ׳ם בֵּית הַמִקְדָשׁ אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען, נָאר דָאס קֶאן נָאר טְהוּן לֵאָה דִי פְרוֹי פוּנ׳ם כֹּהֵן.

ניקאנאר. אוּנ אִיךְ צְוֵוייפֶעל נִיט אַז דִי עֶדְלֶע מוּטֶער, וָואס הָאט גֶעהַאט דָאס גְלִיק אוּנְזֶער לַאנְד אַזַא הֵיילִיגֶען

מַאנן װי דֶער פְּרִיסְטֶער אַיַאקְס צוּ גֶעבָּאהרֶען , װֶעט עֶס גֶעװִיס טְהוּן .

לאה . װָאס רֶעדְסְטוּ ?

נקאנאר . אִיךְ מֵיין: דֵיין זוהן אֶלִיעֶזֶר װָאס הֵייסְט שׁוֹין אִיצְט אַיַאקְס אוּנ הָאט עֶרְבֵייכְט דִי גְרֶעסְטֶע מַדְרֵגָה .

לאה . אָ גְרוֹים אִיז מַיין בְּרָאךְ . קֵיין צָרָה קָאן זִיךְ צוּ מַיין װֵייטִיג נִיט גְלַייכֶען !

בועז . דוּ זָעהסְט אַלְלֵיין , הוֹיפְּטְמַאנן , אַז מִיט זַיי װֶעסְטוּ מִיט גוּטֶען גָאר נִיט מַאכֶען , הַיים בֶּעסֶער אוֹיפְּבְּרֶעכֶען דִי טְהִירֶען , װֶעט דִי זַאךְ אֵיין עֶק הָאבֶּען .

ניקאנאר . הַאקְט דִי טְהִירֶען ! ( די קריגער לאזען זיך צולויפען , בנימין האפט ארוים א מעסער ) .

בנימין . אִיךְ קָאן שׁוֹין מֶעהר נִיט שְׁװַייגֶען , מַיין גֶעדוּלְד הָאט אִין גַאנְצֶען אוֹיפְגֶעהֶערְט ! װֶעמֶען דָאס לֶעבֶּען אִיז לִיעב זָאלל פוּן דַאנֶען אַװֶעקְגֶעהן , אִיךְ פִיהל מִיךְ אִין כֹּחַ , אוֹיךְ אִין מַיינֶע אָדֶערן פְלִיסְט דָאס הֵייסֶע בְּלוּט פוּן דִיא מַכַּבֶּיעֶר ! ( אללע ראנגלען זיך , בנימין שטעכט בועזן ) .

ניקאנאר . הַאפְּט אִיהם , הַאלְט אִיהם ! צוּם קָאנִיג אִין לַאגֶער װֶעלֶען מִיר אִיהם בְּרֶענְגֶען . ( די קריגער שלעפען בנימין ) .

לאה . אָ מַיין קִינְד ... מַיין פָאלְק !

(זי לויפט זייער שנעלל נאך . דער פארהאנג פאללט) .

# דְרִיטֶער אַקְט.

(די ביהנע שטעללט פאר א געפענגניס, יהודה שטעהט פארטראכט).

## עֶרְשְׁטֶע סְצֶענֶע

יהודה. אָבְּגֶעריסֶען פוּן מַיין פָאלְק, פוּן מַיין לַאנְד,
שְׁטֶעה אִיךְ דָא עֶלֶענְד פֶערְשְׁמַאכְט;
אַךְ עֶס צוּשֵׁיידְט אוּנְז אֵיין אַייזֶערְנֶע וַואנְד, —
אָ, וֶוען וֶועט שׁוֹין עֶנְדֶען דִי פִּינְסְטֶערֶע נַאכְט!

פְרֶעהלִיךְ אִיז מַיין הַארְץ, רוּהִיג דִי נְשָׁמָה,
גְרוֹיס אִיז מַיין הָאפְנוּנְג, פֶעסְט וִוי אַ שְׁטֵיין:
אוּנְזֶער אֵל צְבָאוֹת וֶועט פִירֶען דִי מִלְחָמָה.
בֶּעשִׁיצֶען זַיין פָאלְק וֶועט עֶר אַלֵיין.

טְרָאג זְשֶׁע דוּ ווִינְד פוּן דֶעם קַאלְטֶען גְרוּבּ
דִי בְּרִידֶער אַ גְרִיס אַוֶועק פוּן דַאנֶען,
אִין דֶעם וָואס הָאט זֵי אַזוֹי שְׁטַארְק לִיעבּ —
זָאלְסְטוּ זֵיי מִיט דַיין שְׁטִילֶען זִיפְץ דֶערְמַאנֶען.

אוֹיךְ פַאר מִיר אַ גוּטֶער שָׁלִיחַ,
גִיךְ אַהֶער צוּרִיק זָאלְסְטוּ פְלִיהֶען,
בְּרֶענְג דִי בְּשׂוֹרָה: יִשְׂרָאֵל אִיז פְרַיי.
גֶעהָאלְפֶען אִיז יְהוּדָה, גְלִיקְלִיךְ — צִיוֹן.

אָ גֵיין, מַיין הַארְץ הָאט מִיךְ נָאךְ קֵיין מָאהל נִיט אָבְּגֶענַארְט, מִיט דָאפֶּעלְטֶער קְרַאפְט קְלַאפְּט עֶס אִין שְׁרַייעט אַז דֶער נִצָחוֹן מוּז זַיין אוּנְזֶערֶער, אַז דֶער שׂוֹנֵא וֶועט בֶּעקוּמֶען דִי מַפָּלָה, דָאס אִיז נִיט

קֵיין פַאלְשֶׁער שַׁיין פוּן אוּמְזִיסְטִיגֶער טְרֵייסְט, דָאס אִיז דֶער שֶׁאנֶער גְלַאנְץ פוּן דֶער זִיסֶער הָאפְנוּנְג, פוּן מַיין פִינְסְטֶער גֶעפֶאנְגְנִים אִיז מִיר נָאךְ גְרִינְגֶער צוּ בֶּעמֶערְקֶען אִיהרֶע לִיכְטִיגֶע שְׁטְרַאהלֶען וָואס וֶועלֶען בַּאלְד בֶּעלַייכְטֶען דָאס מַזָל פוּן מַיין טְהַייֶער פָאלְק, אִיךְ זֶעה שׁוֹין אַז דִי הִילְף פוּן גָאטט אִיז נָאהִינְט, אִיךְ פִיהל אַז עֶר שִׁיצְט אוּנְז מִיט זַיין הֵיילִיגֶער הַאנְד... (ער קניעט) דִיךְ בֶּעט אִיךְ אַצוּנְד, פָאטֶער אִין הִימֶעל, פַארְנֶעהם דִי תְּפִלָּה פַאר מַיין אָרֶעם פָאלְק, דוּ הָאסְט שׁוֹין מִיט אוּנְז אוּנ אוּנְזֶערֶע אָבוֹת גֶענוּג חֲסָדִים גֶעטְהוּן, פַארְלָאז זְשֶׁע אוֹיךְ אִיצְט נִיט דַיינֶע גֶעפַאללֶענֶע קִינְדֶער, וָואס הָאפֶען נָאר אוֹיף דִיר אוּנ אוֹיף דַיין גֶאטְלִיכֶע הִילְף! אַ שְׁרֶעקְלִיךְ פַייֶער פוּן אוּנְצוּפְרִידֶענְהֵייט הָאט זִיךְ אָנְגֶעצוּנְדֶען צְוִוישֶׁען דִי יוּדֶען, אִיךְ זֶעה אַז דָאס פַייֶער וֶועט זִיךְ נָאךְ שְׁפֶּעטֶער מֶעהר צוּבְּרֶענֶען, מִיט שְׁרֶעק לֵייֶען אִיךְ שׁוֹין דִי לֶעדִיגֶע בְּלֶעטֶער פוּן זֵייֶער גֶעשִׁיכְטֶע, אִיךְ מֶערְק שׁוֹין וִוי פִיעל קָרְבָּנוֹת עֶס וֶועלֶען פַאללֶען דֶערְפַאר וָואס קֵיין אַחֲדוּת אִיז נִיטָא, נָאר מִן הַסְתַּם אִיז דַארוֹיף דַיין הֵיילִיגֶער ווִילֶען, גִיבּ זְשֶׁע זֵיי כֹּחַ אוֹיסְצוּשְׁטֶעהן דֶעם גְרוֹיסֶען נִסָיוֹן, שְׁטַארְק זֵיי, בֶּעפֶעסְטִיג זֵיי, הֶעלְף זֵיי אוֹיף עֶבִיג בְּלַייבֶען דַיין גֶעלִיעבְּט אוֹיסְגֶעקְלִיבֶען פָאלְק! (סעלינא ערשיינט).

---

## צְוֵויטֶע סְצֶענֶע

סעלינא. פֶערְטִיעפְט אִיז עֶר אִין זַיינֶע גֶעדַאנְקֶען... אָ וִוי גְרוֹיס זֶענֶען דִי, וָואס קֶאנֶען אוֹיךְ אִין גֶעפֶאנְגְנִים פְרַיי זַיין.

יהודה. מִיר הָאט זִיךְ אוֹיסְגֶעווִיזֶען אַז אִיךְ הֶער עֶמִיצֶען רֶעדֶען, נָאר נֵיין, דָאס אִיז מַיין אַיינְבִּילְדוּנְג גֶעוֶועהן, דָא בִּין אִיךְ גַאנְץ אַלֵיין.

סעלינא. הָאסְט אַ טָעוּת, יְהוּדָה, אַצוּנְד בִּיסְטוּ נִיט אַלֵיין.

פַאר דִיר שְׁטֶעהט דִי וָואס אִיז שְׁטֶאנְדִיג אִין גֶעדַאנְק אִינְאֵיינֶעם מִיט דִיר, אוּנ ווִילל דִיר אִיצְט אוּמְקֶעהרֶען דִי פְֿרַייהַייט.

י ה ו ד ה. אָ, וָואס זֶעה אִיךְ? דָאס בִּיסְט דוּ סֶעלִינַא? צוּ וָואס בִּיסְטוּ מִיר גֶעקוּמֶען שְׁטֶארן מַיין רוּה, מִיךְ דֶערְמָאנֶען אִין דֶער פֶערְגַאנְגֶענְהַייט, וֶוען אִיךְ ווִילל נָאר לֶעבֶּען מִיט דֶער צוּקוּנְפְֿט.

ס ע ל י נ א. אַךְ, צוּ לִיעב דַיין צוּקוּנְפְֿט בִּין אִיךְ אוֹיךְ אַהֶער גֶעקוּמֶען. נָאר ווִי גִיךְ הָאסְטוּ זִיךְ אַזוֹי פֶערְאֶנְדֶערְט, יְהוּדָה; נִיט אַזוֹי קַאלְט וָואלְסְטוּ בֶּעדַארְפְֿט בֶּעגֶעגְנֶען דַיין אוּנְגְלִיקְלִיכֶע פְֿרַיינְדִין.

י ה ו ד ה. וֶועק נִיט אוֹיף, סֶעלִינַא, דִי גֶעפִֿיהלֶע וָואס מִיט גְרוֹיסֶער מִיה הָאבּ אִיךְ זֵיי גֶעשְׁטִיללְט אָבֶּער זֵיי זֶענֶען נָאךְ נִיט אִין גַאנְצֶען אַנְשְׁלָאפֶֿען גֶעוָוארֶען, צוּשַׁאר נִיט דָאס אַשׁ וואוּ עֶס גֶעפִֿינֶען זִיךְ נָאךְ פוּנְקֶען, נָאר פוּן אַ צוּגֶעדוּשֶׁעט פַייֶער... בֶּערִידְר נִיט אֲפִילוּ מִיט דַיין עֶדְלֶער הַאנְד דִי ווּאוּנְדֶען וָואס זֶענֶען נָאךְ נִיט פַארְהַיילְט גֶעוָוארֶען... גָאטט הָאט מִיר גֶעוָואלְט וַוייזֶען וָואס הֵייסְט אַזוֹינְס אֶמֶת'ר תַּעֲנוּג, הָאט עֶר דִיךְ גֶעשִׁיקְט, דִי בֶּעסְטֶע צַייט פוּן מַיין יוּגֶענְד צוּ פֶערְזִיסֶען, אַצוּנְד טָאר אִיךְ אָבֶּער דָאס פֶערְגְנִיגֶען נִיט גֶענִיסֶען. מַיין פָאלְק אִיז אִין סַכָּנָה, אוּנ דֶער גֶעדַאנְק זֵיי צוּ הֶעלְפֶֿען אִיז בַּיי מִיר גֶעוָוארֶען דֶער טַייֶערְסְטֶער אוּנ הָאט אִין גַאנְצֶען אָבְּגֶעווִישְׁט אַללֶע מַיינֶע פְֿרִיהֶרִיגֶע גֶעפִֿיהלֶע.

ס ע ל י נ א. וֶוען אֲפִילוּ נָאר גֶעוָואנְהַייט בִּינְט צְווֵיי מֶענְשֶׁען צוּנוֹיף, אִיז זֵיי אוֹיךְ שְׁוֶוער פוּן דֶער אֵיינְפַאכֶער גֶעוָואנְהַייט זִיךְ אָבְּזָאגֶען; ווִי זְשֶׁע קֶאן אִיךְ מִיר גְלוֹיבֶּען אַז דוּ יְהוּדָה, זָאלְלְסְט מִיט אַ גְרִינְג הַארְץ זִיךְ אָבְּשֵׁיידֶען פוּן דֶעם וָואס אִיז בִּיז אַהֶער בַּיי דִיר אַזוֹי טְהַייֶער גֶעוֶועזֶען?...

י ה ו ד ה. דוּ הָאסְט מִיךְ נִיט פֶערְשְׁטַאנֶען, מַיין טַייֶערֶע סֶעלִינַא. וֶוען אִיךְ זָאג אַז אַללֶע מַיינֶע גֶעפִֿיהלֶע אוּנ פֶערְבִּינְדוּנְגֶען דַארְפֶֿען בָּטֵל וֶוערֶען פַאר דֶער גְרוֹיסֶער לִיעבֶּע צוּ מַיין פָאלְק אוּנ

פָאטֶערלַאנְד, אִיז נָאךְ דֶערְפוּן נִיט גֶעדְרוּנְגֶען אַז דִי מִלְחָמָה אִין מַיין הַאֶרֶץ קוּמְט מִיר גְרִינְג אָן, אַז אִיךְ קָאן טַאקִי נָאר מִיט מַיין אֵייגֶענֶעם ווִיללֶען גוֹבֵר זַיין אַללֶע מַיינֶע תַּאֲוֹת אוּנ צוּשְׁטֶערן דָאס וָואס אִיז מִיר לִיעבּ, מֵיין נִיט אַז דָאס אִיז אַזוֹי לַייכְט צוּ טְהוּן אוּנ וֶוען דוּ זָאלְסְט ווִיסֶען וָואס פַאר אַ פַייעֶר פֶערְצֶערְט מַיין נְשָׁמָה וָואלְסְטוּ נִיט גֶעזָאגְט אַז דוּ בִּיסְט אוּנְגְלִיקְלִיךְ.

סעלינא. הֶאר מִיךְ אוֹיס, יְהוּדָה, וֶועסְטוּ אַללֵיין מוֹדֶה זַיין אַז מַיין אוּנְגְלִיק אִיז זֶעהר, זֶעהר גְרוֹיס: אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען דִיךְ בֶּעפְרַייעֶן אוּנ דִיר אָנְווַייזֶען אַ וֶועג ווִי אַזוֹי דוּ זָאלְסְט אַנְטְלוֹיפֶען פוּן דַאנֶען, מִיט פֶערְגְנִיגֶען טְהוּ אִיךְ עֶס, הָאטְשִׁי אִיךְ פַארְזִינְדִיג מִיךְ דֶער מִיט שְׁטַארְק גֶעגֶען מַיין לַאנְד, מִיט בּוּשָׁה מוּז אִיךְ נָאר קוּקֶען אוֹיף דַיין גֶעדוּלְדִזַאמְקֵייט, אִיךְ פִיהל מִיךְ זֶעהר שְׁוַואךְ אוּנ וֵוייס אַז מַיין אוּמְגְלִיק אִיז נָאךְ פִיעל גְרֶעסֶער פוּן מַיין וֶוייטִיג.

יהודה. אוֹיבּ אַזוֹי, סֶעלִינַא, ווִילל אִיךְ דַיין הִילְף נִיט אָנְגֶעהמֶען אִיךְ וֶועל בֶּעסֶער דָא בְּלַייבֶּען אַבִּי דוּ זָאלְסְט אַ מָאהל נִיט דַארְפֶען חֲרָטָה הָאבֶּען אוּנ זִיךְ שֶׁאמֶען דֶער מִיט וָואס דוּ מֶאגְסְט דְרוֹיף שְׁטָאלְץ זַיין, ווַייל דוּ הֶעלְפְסְט דֶעם שְׁלַאפֶען אוּנ בֶּעווַייזְט רַחֲמָנוּת, וָואס דָאס אִיז דָאס שֶׁאנְסְטֶע צִירוּנְג פוּן אַ פְרוֹי.

סעלינא. אָ נֵיין, אִיךְ הָאבּ שׁוֹין אֵיין מָאהל אַזוֹי עֶנְטְשְׁלָאסֶען, לָאז גֶעשֶׁעהן דֶער ווִיללֶען פוּן צֶעאוּס, קוּם מִיט מִיר יְהוּדָה, כְּדֵי דֶער עֶרְשְׁטֶער שְׁרִיט זָאלל אוּנְז צוּשֵׁיידֶען (בֵּיידע אב).

---

## דְרִיטֶע סְצֶענֶע

(די ביהנע שטעללט פאר א וואלד, סאלדאטען ליגען אויף דער ערד, ניקאנאר אונ בנימין זיצען אויף א באנק אונטער א בוים).

באר. דִיענֶען מוּז דֶער קְרִיגֶער מְבַיי זַיין קֶאנִיג זַיין לַאנְד,

בְּעהַארְצְט, אָהן מוֹרָא, פְּרַייא
גֶעהן אַקֶעגֶען פַיינְד.

דִי פַייל מֶאג פְּלִיהֶען פוּנ׳ם בּוֹיגֶען,
אִין גֶעפַאהר פַארְגֶערְכְט,
דֶער מוּיט מֶאג שְׁטֶעהן פַאר דִי אוֹיגֶען,
מוּז מֶען בְּלַייבֶּען פֶּעסְט.

ניקאנאר. נָא, מִיר הָאבֶּען זִיךְ גֶענוּג אָבְּגֶערוּהט, אַצוּנְד קֶאנֶען מִיר זִיךְ וַוייטֶער לָאזֶען אִין וֶועג, נָאךְ אַקֶעגֶען אַ שָׁעָה דַארְפֶען מִיר גֶעהן בִּיז מִיר וֶועלֶען קוּמֶען אִין לַאגֶער. אַ שֶׁאנֶע מַתָּנָה וֶועסְטוּ בִּנְיָמִין זַיין בַּיים קֶאנִיג, אִיךְ הָאף אָבֶּער אַז דָארְט וֶועסְטוּ קֵיין גְרוֹיסֶער עַקְשָׁן נִיט בְּלַייבֶּען, דַיין בְּרוּדֶער אַיַאקְס וֶועט דִיר פַארְשְׁטֶעהן גֶעבֶּען אַז עֶס אִיז נִיט גְלַייךְ נִיט מוֹדֶה צוּ זַיין דַארוֹיף וָואס אִיז אֱמֶת, וָואס אִיז קְרַאפְּט.

בנימין. אוֹיבּ קְרַאפְּט אִיז אַ בֶּעוַוייז פוּן אֱמֶת, הָאבּ אִיךְ נִיט קֵיין טָעוּת וָואס אִיךְ הַאלְט מִיךְ אִין אוּנְזֶער לֶעבֶּעדִיגֶען גָאטט: עֶר אִיז שְׁטַארְקֶער פוּן אַללֶע אוּנ אִיהם וֶועל אִיךְ עֶבִּיג טְרַייא בְּלַייבֶּען, (לאה לויפט אריין).

לאה. אָ אִיךְ זֶעה דִיךְ ווִידֶער, מַיין פְּרוּמֶער זוּהן, אַצוּנְד וֶועט דִיךְ שׁוֹין קֵיינֶער נִיט צוּנֶעהמֶען.

בנימין. אַךְ מוּטטֶער, צוּ וָואס מוּטְשִׁיסְטוּ זִיךְ אוּמְזִיסְט אוּנ לוֹיפְסְט אוּנְז נָאךְ דֶעם גַאנְצֶען וֶועג? דוּ זֶעהסְט דָאךְ אַז רַחֲמָנוּת אִיז שְׁוֶוער צוּ זוּכֶען בַּיי אוּנְזֶערֶע שׂוֹנְאִים, קֶעדר זִיךְ אוּם אַהֵיים אוּנ גְלוֹיבּ אַז גָאטט וֶועט מִיךְ נִיט פַארְלָאזֶען.

ניקאנאר. דָאס עֲזוּת פוּן אִיהר אִיז שׁוֹין שְׁוֶוער אִיבֶּערְצוּטְרָאגֶען, אֵיי! בִּינְט זִי צוּ צוּם בּוֹים, אוּנ דֶערְנָאךְ מֶאג זִי דָא שׁוֹין טַעֲנֶען וָואס זִי ווִילל. (סאלדאטען בינדען לאה).

לאה. אָ אִיהר אוּנְמֶענְשֶׁען.

בנימין. טְהוּט עֶס נִיט, אִיךְ בֶּעט אַייךְ, לָאזְט אָב מַיין מְרַייעָ מוּטטֶער, רִיהְרְט זִיךְ צוּ אִיהר נִיט צוּ, זִי אִיז הֵיילִיג.

ניקאנאר. נִישְׁט קָשָׁה, אַללֶע אַייעֶרֶע הֵיילֶעגֶע זַאכֶען מֶאגֶען זִיךְ שׁוֹין גֶעוָואהנֶען צוּ סִירִישֶׁע הֶאנד... קוּמְט, דִי צַייט שְׁטֶעהט נִיט. (אללע אב).

לאה. גֶערֶעכְט בִּיסְטוּ גְרוֹיסֶער גָאטט, דַיין מִשְׁפָּט נֶעהם אִיךְ אָן פַאר לִיעב, נָאר שְׁוֶוער אִיז מִיר אַזַא שְׁטְרָאף אִיבֶּערצוּטְרָאגֶען, עֶרְשְׁט נִיט לַאנְג הָאט רוּהֶע אוּנ צוּפְרִידֶענְהֵייט גֶעהֶערְשְׁט אִין מַיין שְׁטִילל גֶעצֶעלְט, מַיין פְרוּמֶער מַתִּתְיָהוּ אִיז גֶעוֶועהן גֶעבֶּען מִיר אוּנ וִוי דִי שֶׁאנֶע רוֹיזֶען הָאבֶּען מַיינֶע קִינְדֶער גֶעבְּלִיהט, אַצוּנְד בִּין אִיךְ פֶערְלָאזֶען פוּן אַללֶע, עֶלֶענְד שְׁטֶעה אִיךְ דָא אִין וַואלְד, אוּנ וֶועל מוּזֶען אוּיסְגֶעהן פַאר הוּנְגֶער אוּנ דָארְשְׁט. אִיךְ הָאבּ גֶעמֵיינְט: מַיינֶע טְרֶערֶען וֶועלֶען זֵיי רִיהְרֶען, אִיךְ הָאבּ גֶעהָאפְט אַז דָאס גֶעוויין פוּן אַ מוּטטֶער וֶועט אִיהר אוּמְקֶערן אִיהר לֶעצְט קִינְד, אִיהר אֵיינְצִיגֶע הָאפְנוּנְג, נָאר זֵייעֶרֶע הֶערְצֶער זֶענֶען גֶעבְּלִיבֶּען פַארְשְׁלָאסֶען... אָ, גְרוֹיס אָהן אַ שִׁעוּר אִיז מַיין אוּמְגְלִיק! נָאר הָאבּ אִיךְ דֶען דִי יְסוּרִים וָואס קוּמֶען אוּיף מִיר נִיט פַארְדִינְט? בִּין אִיךְ דֶען נִיט דִי מוּטטֶער פוּן אַ זוּהן וָואס אִיז אוּנְז אַללֶע פַאלְשׁ גֶעבְּלִיבֶּען אוּנ פַארְפְלֶעקְט דֶעם כָּבוֹד פוּן אוּנְזֶער הֵיילִיגֶער אֱמוּנָה?.. אָ אֱלִיעֶזֶר, אֱלִיעֶזֶר! וָואס הָאסְטוּ גֶעטְהוּן! פוּן קִינְדְוַויים אָן הָאבּ אִיךְ אוּיף דִיר גֶעקוּקְט וִויא אוּיף אַ גֶעשְׁלִיפֶענֶעם בְּרִילְלְיַאנְט, פוּן דִיר הָאבּ אִיךְ פִיעל מֶעהר עֶרְוַוארְטֶעט וִוי פוּן אַללֶע מַיינֶע קִינְדֶער; דִי קְרוֹין פוּן יְהוּדָה, הָאבּ אִיךְ גֶעמֵיינְט, וֶועט אַ מָאהל גְלַאנְצֶען אוּיף דַיין קָאפּ, צוּם סוֹף הָאסְטוּ מִיט אֵיין שְׁרִיט פֶערְנִיכְטֶעט אַללֶע מַיינֶע זִיסֶע הָאפְנוּנְגֶען אוּנ מִיךְ גֶעמַאכְט פַאר דֶער אוּנְגְלִיקְלִיכְסְטֶער צְווִישֶׁען אַללֶע צִיוֹן'ס טֶאכְטֶער, אָ, קֵיין וֵוייטִיג קָאן זִיךְ גְלַייכֶען צוּ מַיינֶעם, אָ מַיין קִינְד, מַיין קִינְד! (סעלינא ערשיינט).

ס ע ל י נ א. פֶערְשְׁוואוּנְדֶען אִיז מַיין פְרִיעדֶען. פֶערְלָארֶען מַיין רוּה וויא אַ פִינְסְטֶערֶער שַׁאטֶען בְּלָאנְזֶע אִיךְ אַרוּם אוּנ זֶעהר שְׁוֶוער אִיז מִיר צוּ בֶּערוּהִיגֶען מַיין אָרֶעם הַארְץ וָואס קְלַאפְּט אַזוֹי שְׁטַארְק, נָאר אָהן אֵיין אוֹיפְהֶער, דָאס בִּילְד פוּן מַיין גֶעלִיעבְּטֶען יְהוּדָה פֶערְפָאלְגְט מִיךְ אוּנ וויא אַזוֹי אִיךְ זָאלל מִיךְ נִיט זוּכֶען צוּ שְׁטַארְקֶען, טְרַייבְּט עֶס מִיךְ אַלְץ מֶעהר אִיהם צוּ זֶעהן, זַיין זִיסֶע שְׁטִימֶע הָאטְשִׁי פוּן דֶער ווייטֶענְס צוּ הֶערֶען. אַללֶע פֶערְגְנִיגֶען אִין קֶאנִיגְלִיכֶען לַאגֶער קֶאנֶען מִיךְ נִיט בֶּעפְרִידִיגֶען. אוּנ אִיךְ הָאבּ מִיךְ גֶעלָאזְט צוּגֶעהן נָאהֶענְטֶער צוּם פְּלַאץ פוּן דֶער מִלְחָמָה, אֶפְשָׁר וֶועל אִיךְ הָאטְשִׁי אֵיין קוּק אוֹיף אִיהם קֶאנֶען גֶעבֶּען, נָאר אוּמְזִיסְט אִיז מַיין הָאפְנוּנְג, וויסְט אוּנ פִינְסְטֶער אִיז דָא אִין וַואלְד, קֵיין שְׁפּוּר פוּן אַ מֶענְשֶׁען זֶעהט מֶען דָא, אָ שְׁרֶעקְלִיךְ, שְׁרֶעקְלִיךְ!

ל א ה. אָ פַּאר וָואס הָאסְטוּ זִיךְ אַזוֹי פַארְזִינְדִיגְט מַיין קִינְד? דוּ בִּיסְט אוּנְטְרַיי גֶעבְּלִיבֶען דַיין פָאלְק, דַיין לַאנְד, דַיין גָאטט!

ס ע ל י נ א. אָ וָואס הֶער אִיךְ? אַזוֹי אַ קוֹל פוּן דֶעם הִימֶעל קְלִינְגְט אִין מַיינֶע אוֹיעֶרן! אִיז דָאס אֶפְשָׁר נִיט דִי שְׁטִימֶע פוּן מַיין גֶעוויסֶען? אִיז דָאס נִיט אַ ווינְק פוּן חַרָטָה וָואס הָאט זִיךְ אַרוּם-גֶעהַאפְּט פוּן מַיין טִיעף הַארְץ? הָאבּ אִיךְ דֶען נִיט שְׁטַארְק גֶעזִינְדִיגְט גֶעגֶען מַיינֶע בְּרִידֶער? אִיז דֶען נִיט מַיין לִיעבֶּע אַללֵיין שׁוֹין דִיא גְרֶעסְטֶע זִינְד?

ל א ה. אִיךְ הֶער עֶמִיצֶען רֶעדֶען... אָ הָאט רַחֲמָנוּת, וֶוער דוּ זָאללְסְט דָארְט נִיט זַיין, הֶעלְף אֵיין אוּמְגְלִיקְלִיכֶער אִין אִיהר נוֹיטה. (סעלינא לויפט צו).

ס ע ל י נ א. וָואס זֶעה אִיךְ, גֶעבּוּנְדֶען בִּיסְטוּ גָאר?

ל א ה. אָ, שְׁלֶעכְטֶע מֶענְשֶׁען הָאבֶּען מִיךְ אַללֶעס בֶּערוֹיבְּט. דָאס טַייֶערְסְטֶע הָאט מֶען בַּיי מִיר צוּגֶענוּמֶען, אוּנ מִיךְ

דָא אִיבֶּערְגֶעלָאזְט צְווִישֶׁען ווילְדֶע חַיוֹת, טָאמִיר וֶועל אִיךְ בַּיי זֵיי רַחֲמָנוּת גֶעפִינֶען.

ס ע ל י נ א. וַוארְט, בַּאלְד בִּיסְטוּ פְרַיי! (זי בִינט זי אוֹיף) נָאר זָאג מִיר עֶדְלֶע פְרוֹי, וֶוער בִּיסְטוּ?

ל א ה. אַ טָאכְטֶער פוּן מַיין פָאלְק בִּין אִיךְ, אֵיין מַזָל בִּינְט אוּנְז צוּנוֹיף, אֵיין בְּרָאךְ הָאט אוּנְז בֵּיידֶע גֶעטְרָאפֶען, פּוּנְקְט אַזוֹי וְוִי צִיוֹן שְׁטֶעהט אִיצְט אַלֵיין, אַזוֹי בִּין אִיךְ עֶלֶענְד גֶעבְּלִיבֶּען, אִיךְ הָאבּ גֶעמֵיינְט אַז נָאר זֶעקְס קִינְדֶער מַיינֶע וֶועלֶען גֶענוּג זַיין פַאר אַ קָרְבָּן פוּן מַיין זַייט, הָאט מֶען בַּיי מִיר נָאר וָואס צוּגֶענוּמֶען דֶעם לֶעצְטֶען זוּהְן אוּנ אִיהם מִיט גֶעוַואלְד אַוֶועקְגֶעפִיהְרְט אִין לַאגֶער פוּן אַנְטְיָאכוּס, אָ צוּבְּרָאכֶען אִיז גֶעוָוארֶען דָאס לֶעצְטֶע צְוַוייגֶעל פוּן מַתִּתְיָהוּס בּוֹים.

ס ע ל י נ א. הַא, דָאס בִּיסְטוּ דִי מוּטֶּער פוּן יְהוּדָה?

ל א ה. אַךְ, וֶוען דוּ וָואלְלְסְט גֶעקֶענְט מַיינֶע טַייעֶרֶע קִינְדֶער, וָואלְלְסְטוּ אִינְאֵיינֶעם מִיט מִיר גֶעקְלָאגְט, פַארְגָאסֶען טַייכֶען טְרֶערֶען! וְוִי דִי שֶׁאנֶע אֵיילְבֶּערְטֶען הָאבֶּען זֵיי גֶעוַואקְסֶען אִין מַיין גָארְטֶען, אָבְּגֶעהִיט בֶּעגָאסֶען פוּן דֶער מוּטֶּערְס הַאנְד, פְּלִיצוּם הָאט זֵיי אַ שְׁטוּרְמְווִינְד פוּן מִיר אַוֶועקְגֶעטְרָאגֶען אוּנ אֵיינֶעם מִיט'ן וָוארְצֶעל אוֹיסְגֶעריסֶען, נָאר נֵיין, מַיין וֵוייטִיג קֶאן קֵיינֶער נִיט פַארְשְׁטֶעהְן.

ס ע ל י נ א. נָאר אַ קְרַאנְקֶער קֶאן יֶענֶעמְס לַיידֶען פִיהְלֶען, אִיךְ בִּין אוֹיךְ אֵיין אוּמְגְלִיקְלִיכֶע, אִיךְ בֶּעגְרַייף דַיין גְרוֹיסֶען שְׁמֶערְץ.

ל א ה. אוּמְגְלִיקְלִיךְ בִּיסְטוּ? אֶפְשָׁר קֶאן אִיךְ דִיר הֶעלְפֶען.

ס ע ל י נ א. אָ נֵיין, פַאר מִיר אִיז שׁוֹין קֵיין הִילְף נִיטָא.

ל א ה. וְוִי אִיךְ זֶעה, מוּזְסְטוּ אַוַדַאי פוּן דֶער גֶעגֶענְד זַיין, קֶאנְסְטוּ מִיר נִיט וַוייזֶען דֶעם וֶועג וָואס פִיהְרְט צוּ אַנְטְיָאכוּס'עם לַאגֶער?

ס ע ל י נ א. אָ, דֶעם וֶועג קֶען אִיךְ צוּ גוּט. (מע הערט א טראמפעטע).

ל א ה. גִיבֶער פִיהר מִיךְ אַהִין.

ס ע ל י נ א. נֵיין אִיךְ קֶאן נִיט... אַצוּנְד מוּז אִיךְ דָא בְּלַייבֶּען...

ל א ה. אִיךְ בֶּעשְׁוֶואר דִיךְ בַּיי אַלְלֶעם הֵיילִיגֶען, קוּם מִיט מִיר.

ס ע ל י נ א. דֶעם גֶעפִיהל פוּן אַ מוּטטֶער מוּז אָבְּטְרֶעטֶען מַיין גֶעבְּרָאכֶען הֶערְץ. (ביידע אב, יהודה אונ מתתיהו ערשיינען).

---

# פִּירְטֶע סְצֶענֶע

י ה ו ד ה. אָט דָא, פָאטֶער, קֶאנְסְטוּ זִיךְ אַ בִּיסֶעל אָבְּרוּהֶען.

מ ת ת י ה ו. בַּיי מַיינֶע אַלְטֶע יָאהר אִיז שְׁוֶוער מִיטְצוּמַאכֶען אַ קְרִיעג אִינְאֵיינֶעם מִיט אַזוֹינֶע יוּנְגֶע אָדְלֶערְס וְוִי אִיהר זֶענְט. מַיין הַארְץ קְוֶועלְט אָן, וֶוען אִיךְ קוּק צוּ דִי גְבוּרָה פוּן אוּנְזֶערֶע רִיזֶען, אִיךְ וֶוער פַאר שִׂמְחָה יוּנְגֶער מִיט פִינְפְצִיג יָאהר, אִיךְ פִיהל גָאר קֵיין מִידְקֵייט נִיט, אוּנ בִּין פָּשׁוּט מְקַנֵּא דֶעם יוּנְגֶען דוֹר וָואס דֶער אֵייבֶּערְשְׁטֶער הָאט אִיהם מְזַכֶּה גֶעוֶועהן מִיט דֶער גְרוֹיסֶער מִצְוָה פוּן קִדּוּשׁ ה׳.

י ה ו ד ה. דַיין מִצְוָה, טַייעֶרֶער פָאטֶער, אִיז נָאךְ אֶפְשָׁר גְרֶעסֶער פוּן אוּנְזֶערֶער, וֶוען אִין אוּנְזֶערֶע אָדֶערְן זִידְט דָאס הֵייסֶע בְּלוּט אוּנ שְׁלֶעפְּט אוּנְז אוֹיף דֶעם פֶעלְד פוּן דֶער מִלְחָמָה מִיט גֶעוַואלְד, כִּמְעַט וְוִי עֶס פְּרֶעגְט זִיךְ גָאר אִין אוּנְז נִיט אָן, הָאסְטוּ זִיךְ קְרַאנְקֶערְהֵייט, שְׁוַואךְ פוּן יָאהרֶען אוּנ אַרְבֵּייט, עֶנְט-שְׁלָאסֶען אוֹיף דִיר אַרוֹיפְצוּוַוארְפֶען דִי שְׁוֶוערֶע מַשָּׂא פוּן אוּנְזֶער הֵיילִיגֶען חוֹב, אוּנ דוּ הָאסְט אוּנְז זֶעהר פִיעל נוּצֶען גֶעבְּרַאכְט. וַוייל דָאס פָאלְק קוּקְט אוֹיף דִיר וְוִי אוֹיף אוּרִים וְתוּמִים, דַיינֶע רֶעד הָאבֶּען אוּנְז גֶעשְׁטַארְקְט אִין דֶער גְרֶאסְטֶער גֶעפַאהר אוּנ דַיין עֶרְמוּנְטֶערוּנְג הָאט אוּנְז שׁוֹין כָּבוֹד אוּנ נִצָּחוֹן גֶעבְּרַאכְט.

מתתיהו. אַךְ, גָאטט זָאלל שׁוֹין גֶעבֶּען דֶער נִצָּחוֹן זָאלל אִין גַאנְצֶען זַיין אוּנְזֶערֶער. לְעֵת עַתָּה קוּמֶען אָן זֶעהר טְרוֹירִיגֶע יְדִיעוֹת פוּן יְרוּשָׁלַיִם, פִיעל בְּלוּט וֶועט נָאךְ דַארְפֶען פֶערְגָאסֶען וֶוערֶען בִּיז מֶע וֶועט אָבְּוִוישֶׁען דִי טוּמְאָה וָואס מֶע הָאט אִין בֵּית הַמִקְדָשׁ אַריינְגֶעבְּרַאכְט.

יהודה. אִיךְ זֶעה אַז דִי מִלְחָמָה וֶועט שׁוֹין מֶעהר נִיט גֶעדוֹיֶערְן אוּנ נָאר גִיךְ וֶועלֶען מִיר מִיט פְרֵייד אַרַיינְגֶעהן קֵיין יְרוּשָׁלַיִם, דָארְט גָאטט מִיט אַ שֶׁענֶעם קָרְבָּן אָבְּדַאנְקֶען פַאר זַיין חֶסֶד.

איינער. (לויפט אריין) אֵיין אוּמְגְלִיק! דֶער שׂוֹנֵא אִיז פְּלִיצוּם אִיבֶּערְגֶעפַאללֶען!

יהודה. נָא וָואס זְשֶׁע אִיז? זֶענֶען דֶען נִיט אַללֶע אוֹיפֶען פְּלַאץ? פִיהלֶען זֵיי זִיךְ דֶען נִיט אִין כֹּחַ זִיךְ אָבְּצוּרֶעכְנֶען מִיטֶן פַיינְד וִוי מִיר זֶענֶען גֶעוָואהנְט?

איינער. פֶערְצַייהּ, גְרוֹיסֶער פֶעלְדְהֶערר, עֶס אִיז אַ שְׁטַארְקֶע אוּנְרוּהֶע אִין דֶער מַחֲנֶה. קֵיינֶער ווילל זִיךְ נִיט רִיהְרֶען, זֵיי זָאגֶען: אִיצְט אִיז שׁוֹין שַׁבָּת, טָאר מֶען זִיךְ נִיט שְׁלָאגֶען.

יהודה. שְׁנֶעלל זַאממֶעל אַללֶע צוּנוֹיף! (איינער אב) אַצוּנְד, פָאטֶער, דַארְף אִיךְ דַיין הִילְף הָאבֶּען מֶעהר וִוי תָּמִיד, דָאס אִיז אַ שְׁפִּיצִיל פוּן דֶעם שׂוֹנֵא וָואס רֶעכֶענְט אַז מִיר וֶועלֶען זִיךְ אוּם שַׁבָּת נִיט קֶאנֶען שְׁלָאגֶען. בֶּענִיץ זְשֶׁע דוּ דַיין מַאכְט אוּנ זַיי זֵיי מַתִּיר דִי עֲבֵרָה וָואס דַארְף בָּטוּל וֶוערֶען פַאר דֶער גְרוֹיסֶער מִצְוָה וָואס בְּרֶענְגְט אוּנְז צוּ מְסִירוֹת נֶפֶשׁ. (יודשע קריגער פערזאמלען זיך).

מתתיהו. הֶערְט מִיךְ אוֹיס, בְּרִידֶער! גָאטט הָאט בֶּעשַׁאפֶען דֶעם שַׁבָּת וֶוען עֶר הָאט זַיין גַאנְצֶע אַרְבֵּייט גֶעעֶנְדִיגְט. אִיהר נֶעהט אַצוּנְד פַאר זַיין הֵיילִיגֶען נָאמֶען, מוּזְט אִיהר זֶעהן פְּרִידֶער אַייעֶר גְרוֹיס שְׁלִיחוּת עֶרְפִילְלֶען אוּנ דֶערְנָאךְ וֶועט אִיהר קֶאנֶען

הַאלְטֶען אַייעֶר שַׁבָּת, וָואס וֶועט זַיין דֶער בֶּעסְטֶער אוּנ דֶער שֶׁאנְסְטֶער טָאג אִין אוּנְזֶער לֶעבֶּען.

יהודה. מִי לה' אֵלַי! וֶוער עֶס אִיז גֶעטְרַייא גָאטט אוּנ זַיין פָּאלְק דֶער זָאלל אַצוּנְד מִיט מִיר מִיטְגֶעהן, וַוייל אַזוֹי בֶּעפֶעהלְט אוּנְז אוּנְזֶער אֵל הַי דוֹרֵךְ זַיין כֹּהֵן.

אללע. לֶעבֶּען זָאלל מַתִּתְיָהוּ אוּנ יְהוּדָה.

מתתיהו. מִיט גְלִיק גֶעהט בְּרִידֶער אוּנ אִיךְ וֶועל אַייךְ אוֹיךְ מִיט-הֶעלְפֶען מִיט מַיין תְּפִלָּה.

[אללע געהען אב מיט א מארש מתתיהו בענטש זיי, מאנדשיין. דער פארהאנג פאללט)

---

# פִּירְטֶער אַקְט.

(די ביהנע שטעללט פאר א גאס אין ירושלים, דאס פאלק איז פערזאמעלט).

## עֶרְשְׁטֶע סְצֶענֶע

כאר. אוֹיף דֶעם חוּרְבָּן, אוֹיף דֶעם גְרוֹיסֶען
דַארְפֶען מִיר וֵויינֶען קְלָאגֶען,
פוּן אִינְוֶוענִיג אוּנ פוּן דְרוֹיסֶען
הֶארְט מֶען נָאר דֶעם שׂוֹנֵא יָאגֶען;
אַךְ, וָואס וֶועט זַיין דֶער סוֹף
פוּן דַיין אָרֶעם פָאלְק יִשְׂרָאֵל,
אוּנְזֶער תְּפִלָּה נֶעהם אַרוֹיף
אוּנ הֶעלְף אוּנְז גָאטט וִוי אַ מָאהל.

יפתח. גֶענוּג דָאס וֵויינֶען, בְּרִידֶער, מִיט טְרֶערֶען וֶועלֶען מִיר גָאר נִיט מַאכֶען, יֶעדֶער פוּן אוּנְז, וָואס הָאט נָאר אִין

זיך געפיהלט א שטיקעלע גבורה, איז געלאפען אויפ'ן קריגספעלד מיט זיין לעצטען כח זיך אנצונעהמען פאר אונזער היילינגער אמונה וואס דער פיינד טרעט זי מיט די פיס, דעריבער דארף אונזער האפנונג פעסט זיין אז גאטט וועט זיי שטארקען און בענשען זייער טהאט, אמת, אצונד איז אונז זעהר שלעכט, מיט אונזערע אייגענע אויגען האבען מיר געמוזט צוקוקען ווי דער שונא איז מטמא אונזער בית המקדש, און מיר זענען צו שוואך געוועהן זיך צו ווערהרען, מיט שרעק זעהען מיר ווי ווייבער און קליינע קינדער געהען אויס פאר הונגער און דארשט, ווייל אללע לעבענסמיטטעל זענען אויס־געגאנגען, איהר ווייסט דאך אבער וואהל אז אונזער גרויסער העלד יהודה האט בעפוילען אז ניט שפעטער פון היינט וועט ער אונז צושטעללען שפייז און רינדער, דארפען מיר מיט דער האפנונג לעבען און גאנץ זיכער זיין אז ער וועט זיין ווארט האלטען ווי שווער און אונמעגליך דאס זאלל ניט זיין.

**יהויקים.** מיט אזעלכע האפנונגען איז גוט צו שפייזען די וואס זענען שוין געשטארבען פאר הונגער, זיי האבען שוין צייט גאנץ רוהיג ווארטען ביז תחית המתים, פאר אונז לעבעדיגע אבער איז דאס גאר קיין תכלית ניט, אוי, הלואי וואלט מען געוועהן געפאלגט די קלוגע וואס האבען פון אנהייב אן געשריגען מע זאלל נאכגעבען די סירער און זיי ניט צורייצען, וואס קומט אונז ארויס אז אונזערע ברידער בעווייזען ערגעץ זייערע גבורות, און מיר האבען זיך אליין איינגעשלאסען אין ירושלים און וועלען מוזען שטארבען איינציגוויים.

**יפתח.** ניט דער הונגער קאן א תל מאכען פון ציון, ניט דער דארשט קאן פערניכטען אונזער פאלק, נאר אזא שרעקליכע גיפט ווי דו לאזט אצונד ארין צווישען די יושבי ירושלים! דאס איז דער סם וואס טייט ביים שוואכען מענשען זיינע פאטריאטישע געפיהלע.

יהויקים. מִיר זֶעגֶען אוֹיךְ יוּדֶען אַללֶע וָואס דֶענְקֶען אַזוֹי וִוי
איךְ, נָאר מִיר ווִילְלֶען בֶּעסֶער שָׁלוֹם אוּנ אִיךְ זָאג נָאךְ
אַ מָאהל אַז דִי וָואס הָאבֶּען צוּגֶערֶעדְט צוּ מִלְחָמָה הָאבֶּען אַיין
אוּמְגְלִיק גֶעבְּרַאכְט אוֹיף יְהוּדָה.

יפתח. גִיבּ אַ קוּק אוֹיף דִי אַללֶע טְרוֹירִיגֶע פַארְוִויינְטֶע פְּנִימֶער
ווֶעסְטוּ זֶעהן אַז עֶס אִיז זֵיי נָאר שְׁוֶוער אִיבֶּערְצוּטְרָאגֶען
דִי צָרָה, אָבֶּער דִי טְרוֹירִיגֶע לַאגֶע זֵייעֶרֶע אִיז זֵיי לִיעב, וַוייל יֶעדֶער
פִיהלְט אַז פוּן דֶעם ווֶעט אַרוֹיס אַ בֶּעפֶעסְטִיגוּנְג פַאר'ן פָאלְק אוּנ
פַאר'ן גְלוֹיבֶּען.

יהויקים. בִּיז פוּן אַייעֶרֶע חֲלוֹמוֹת וֶועט עֶפֶּעס ווֶערֶען קוּמֶּמֶען
דֶערְוַוייל אוּם טוֹיזֶענְדֶער מֶענְשֶׁען, וָואס פַארְגִיסֶען
אוּמְזִיסְט זֵייעֶר בְּלוּט.

עטליכע. עֶר לֶאסְטֶערְט גָאטט!

אללע. מִיט שְׁטֵיינֶער פַארְוַוארְפְט אִיהם! (עס ווערד א ליארם,
מע שרייט „יהודה געהט!")

יהודה. מִיט פְרֵיידֶע בֶּעגְרִים אִיךְ אַייךְ, מַיינֶע הֶערְצֶענְס-
גֶעלִיבְּטֶע בְּרִידֶער, אוּנ בֶּעדוֹיעֶר זֶעהר וָואס גְרָאד
בַּיי מַיין קוּמֶען טְרֶעף אִיךְ צְוִוישֶׁען אַייךְ קְרִיג אוּנ אוּנְצוּפְרִידֶענְהַייט.
בְּרִידֶער זֶענֶען מִיר אַלֶע, קִינְדֶער פוּן אֵיין טַאטֶען, אֵיין מַחֲשָׁבָה
דַארְף אוּנְז פֶערְאֵיינִיגֶען, אֵיין גֶעפִיהל דַארְף אוּנְז פַארְבִּינְדֶען, אַחְדוּת
מוּז זַיין דִי קְרוֹין פוּן צִיוֹן, אַחֲוָה – דִי פָאהן פוּן יִשְׂרָאֵל. אִיךְ הָאבּ
אַייךְ אַצוּנְד צוּגֶעפִיהרְט לֶעבֶּענְסְמִיטֶטֶעל אוֹיף עֶטְלִיכֶע טָאג אוּנ
בְּרֶענְג אַייךְ אוֹיךְ דִי פְרֶעהלִיכֶע בְּשׂוֹרָה אַז נָאר נָאהֶענְט אִיז דִי הִילְף
אוּנ אִין אַ קוּרְצֶער צַייט וֶועלֶען מִיר מִיט שִׂמְחָה אוּנ מִיט כָּבוֹד
צוּרִיק אַרַיינְגֶעהן קַיין יְרוּשָׁלַיִם.

אללע. עֶס לֶעבֶּע יְהוּדָה!

יפתח. גֶעבֶּענְשְׁט זָאלְלְסְטוּ זַיין פוּן גָאטט, דוּ גִבּוֹר הַחַיִל,
וָואס דוּ דֶערְקְוִויקְסְט אוּנְז מִיט אַזַא טַייעֶרֶע בְּשׂוֹרָה.

עֶנְדִיג זְשֶׁע גִיךְ דִי גְרוֹיסֶע זַאךְ וָואס דוּ הָאסְט אָנְגֶעהוֹיבֶּען, אוֹיף דִיר קוּקֶען אַצוּנְד אַרוּם טוֹיזֶענְדֶער אָרֶעמֶע בְּרִידֶער וָואס עֶרְוַוארְטֶען מִיט אוּנְגֶעדוּלְד דֶעם טָאג פוּן נִצָחוֹן.

יְהוּדָה. אוּנ אִיךְ שְׁוֶוער בַּיי גָאטט אַז דֶער טָאג וֶועט קוּמֶען, מַיין שְׁווֶערְד וֶועט זִיךְ נִיט אוּמְקֶערֶען אִין שֵׁייד אַרַיין בִּיז צִיוֹן וֶועט נִיט זַיין פְּרַייא, בִּיז יְרוּשָׁלַיִם, אוּנְזֶער אַלְטֶע מוּטטֶער, וֶועט נִיט זֶעהְן בַּיי זִיךְ צוּרִיק פֶערְזַאממֶעלְט אַלֶּע אִיהְרֶע קִינְדֶער, בִּיז מִיר וֶועלֶען נִיט קֶאנֶען מִיט אַ פְרֶעהלֶעךְ הַארְץ גָאטט דִיעֶנֶען אִין זַיין הֵיילִיגֶען אָרְט, בִּיז דָאס לִיכְט פוּן מַיין פָאלְק וֶועט וִוידֶער נִיט שַׁיינֶען מִיט זַיין פְרִיהֶרִיגֶען גְלַאנְץ.

אַלְלֶע. לֶעבֶּען זָאלל צִיוֹן, לֶעבֶּען זָאלל יְהוּדָה.

יְהוּדָה. נָאר אוֹיף אַ קוּרְצֶער צַייט גֶעזֶעגֶען אִיךְ מִיךְ מִיט אַייךְ בְּרִידֶער, בַּאלְד זֶעהֶען מִיר זִיךְ וִוידֶער, מִיט אוּנְז אִיז גָאטט!

באר. מִיט שָׁלוֹם גֶעה גֶעלִיבְּטֶער בְּרוּדֶער,
דִיר זָאלל נָאכְגֶעהן כָּבוֹד, גְלִיק,
גִיךְ וֶועלֶען מִיר מִיט פְרֶעהלִיכֶע לִידֶער
דִיךְ בֶּעגְרִיסֶען בַּיים קוּמֶען צוּרִיק. (אללע אב).

---

## צְוַויימֶע סְצֶענֶע

(דאס געצעלט פון אנטיאכוס, אין דער רעכטער זייט א טראן, אליעזר געהט ארום פערטראכט).

אֶלִיעֶזֶר. וָואס דָא מִיר אִין הַארְצֶען גֶעהט פָאר, קֶאן אִיךְ נִיט פַארְשְׁטֶעהן, עֶפֶּעס אַ פֶערְבָּארְגֶענֶער כֹּחַ, אַ פִינְסְטֶער גֶעפִיהל פְרֶעסְט מִיךְ וִוי אַ שְׁטֵיין, פַארְדוּנְקֶעלְט מַיין שֵׂכֶל, בֶּעטְרִיבְּט מַיין זִינְן. צוּ קֵיין גְרֶאסֶערֶער גְדוּלָה וִוי אִיךְ שְׁטֶעה אַצוּנְד קֶאן נָאר

קֵיין מֶענְשׁ נִיט קוּמֶען, אוּנ דָאךְ בִּין אִיךְ שְׁטֶאנְדִיג פַארְטְרָאגֶען
אוּנְצוּפְרִידֶען, אוּנ אַזוֹי וִוי אַ בֶּענְקֶענִישׁ טְרַייבְּט מִיךְ אַרוּם אוּנ אִיךְ
קָאן מִיר קֵיין אָרְט נִיט גֶעפִינֶען... אָ, בִּיטֶער אִיז דֶעם מֶענְשֶׁען
אַז עֶר דַארְף זִיךְ אִין גַאנְצֶען אָבְּזָאגֶען פוּן דֶעם לִיכְטִיגֶען פֶערְשְׁטַאנְד
אוּנ מוּז זוּכֶען זַיין רוּה אִין דִי טִיפְסְטֶע בֶּעהֶאלְטֶענִישֶׁען פוּן זַיין
נְשָׁמָה, דֶעמֶעלְט וֶוערְט עֶר עֶרְשְׁט גֶעוָואהר אַז דֶער גְרוֹיסֶער שֵׂכֶל
וָואס שַׁאפְט אִיהם טוֹיזֶענְדֶער גְלִיקְלִיכֶע פְּלֶאנֶע הָאט גָאר קֵיין וֶוערְטה
נִיט, דֶעמֶעלְט מוּז עֶר זִיךְ עֶרְשְׁט אִיבֶּערְצַייגֶען אַז מִיט דֶעם שֶׁאנֶעם
קָאפּ, וָואס הֶעלְפְט אִיהם אֲפִילוּ צוּ מָאהל פוּן לוּפְטְשְׁלֶאסֶער אַייזֶערְנֶע
מוֹיֶערן מַאכֶען, הָאט עֶר זִיךְ נִיט וָואס אִיבֶּערְצוּנֶעהְמֶען, אַז אֵיין
וִוינְטֶעלֶע פוּן אוּנְצוּפְרִידֶענְהֵייט גַנְבֶט זִיךְ אַרַיין אִין הַארְץ, מַאכְט
עֶס פוּן דֶעם רִיז אַ פְלִיעג, פוּן דֶעם הֶעלְד — אַ מִילְב. אַךְ, אוֹיךְ מִיר
אִיז נִיט בַּאשֶׁערְט צוּ גֶענִיסֶען דֶעם תַּעֲנוּג פוּן דֶעם גְרוֹיסֶען כָּבוֹד
וָואס מֶע טְהֵיילְט מִיר צוּ; אַ אִינְוֶוענִינְסְט גֶעפִיהל זָאגְט מִיר אַז אִיךְ
בִּין אַזוֹי הוֹיךְ אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען גֶעוָוארֶען כְּדֵי אִיךְ זָאלל קֶאנֶען טִיעפֶער
פַאלֶען... יָא, דָאס אִיז דִי שְׁלַאנְג פוּן חֲרָטָה, דָאס אִיז אִיהר גֶעפֶאהר־
לִיכֶער גִיפְט! (סעלינא ערשיינט אונ בלייבט שטעהן) דִי לֶעצְטֶע
נַאכְט הָאט, זִיךְ מִיר אוֹיסְגֶעוִויזֶען אַז אִיךְ זֶעה מַיין מוּטֶער, אַז
אִיךְ הָאר אִיהר קְלָאגֶען, אַז מִיךְ בֶּענֶעצֶען אִיהרֶע טְרֶערֶען, אִיךְ
הָאבּ מִיךְ גֶעוָואלְט אוֹיסְרַייסֶען, אַנְטְלוֹיפֶען אוּנ הָאבּ נִיט גֶעקֶאנְט,
וִוי מִיט אַייזֶערְנֶע צְוַואנְגֶען הָאט מֶען מִיךְ צוּגֶעהַאלְטֶען, אִיךְ הָאבּ
אָנְגֶעהוֹיבֶּען שְׁרַייעֶן אוּנ הָאבּ מִיךְ אוֹיפְגֶעהַאפְּט אִין צִיטֶערְנִישׁ...
אָ, דָאס אִיז גֶעוֶועהן אַ שְׁרֶעקְלִיכֶער חָלוֹם!

סעלינא. דַיין גֶעפִיהל הָאט דִיךְ נִיט אָבְּגֶענַארְט, וָואס דוּ הָאסְט
אִין חָלוֹם גֶעזֶעהן, דָאס אִיז אִין דֶער ווִירְקְלִיכְקֵייט
גֶעשֶׁעהן, דַיין מוּטֶער אִיז דָא אוּנ בַּאלְד וֶועט זִי קוּמֶען אַהֶער.

אליעזר. וָואס רֶעדְסְטוּ? מַיין מוּטֶער? אִיז עֶס מֶעגְלֶעךְ?

סעלינא. דוּ פְרֶעגְסְט אוֹיבּ דָאס אִיז מֶעגְלֶעךְ? אַצוּנְד וֶועל אִיךְ

דִיךְ פְרֶעגֶען: אִיז דֶען מֶעגְלֶעךְ אַז וֶוען אִין דַיין הֶערְץ אִיז אִין גַאנְצֶען אוֹיסְגֶעלָאשֶׁען גֶעוָוארֶען דִי לִיעבֶּע צוּ דַיינֶע עֶלְטֶערן אוּנ קְרוֹבִים, זָאלל אוֹיךְ דַיין קָאפּ נִיט קָאנֶען פַארְשְׁטֶעהְן וִוי גְרוֹים דָאס גֶעפִיהְל אִיז בַּיי אַנְדֶערֶע, דוּ וֵוייסְט גֶעוִוים אַז נָאךְ גֶעכְטֶען הָאט מֶען אַהֶער וִויא אַ גֶעהַאנְגֶענֶעם דַיין יוּנְגְסְטֶען בְּרוּדֶער גֶעבְּרַאכְט, עֶר אִיז אִינְאֵיינֶעם מִיט דַיין מוּטְטֶער גֶעבְּלִיבֶּען אוּנ מֶע הָאט אִיהם מִיט גֶעוַואלְד אוֹיסְגֶעְרִיסֶען פוּן אִיהרֶע הֶענְד, נָא, דַארְף מֶען דִיר נָאךְ זָאגֶען אַז דָאס הַארְץ פוּן אַ מוּטְטֶער הָאט פְלִיגֶעל, אַז זִי קוּקְט נִיט אוֹיף קֵיין גֶעפַאהר אַבִּי צוּ רֶעטֶען אִיהר אֵיינְצִיג קִינְד.

א ל י ע ז ר. אִיךְ שְׁוֶוער דִיר אַז פוּן דֶעם אַללֶעמֶען הֶער אִיךְ עֶרְשְׁט פוּן דִיר אַצוּנְד, דִי לֶעצְטֶע טֶאג בִּין אִיךְ גָאר וַוייט גֶעוֶועהן פוּן אַללֶע, נָאר וָואס טְהוּט זִי דָא? וָואס וִוילל זִי מַאכֶען?

ס ע ל י נ א. זִי וִוילל בֶּעטֶען בַּיים קֶענִיג עֶר זָאלל אִיהר צוּרִיק־גֶעבֶּען דֶעם זוּהן, אוּנ צוּ לִיעב דֶעם בִּין אִיךְ אוֹיךְ גֶעקוּמֶען דִיךְ בֶּעטֶען זָאלְסְט צוּרֶעדֶען דֶערְצוּ אַנְטְיָאכוּס, וַוייל דַיינֶע וֶוארְטֶער הָאבֶּען בַּיי אִיהם דֶעם גְרֶעסְטֶען וֶוערְטה אוּנ דִיר וֶועט עֶר גֶעוִוים נִיט אָבְּזָאגֶען.

א ל י ע ז ר. אִיךְ פַארְשְׁטֶעה דִיךְ נִיט, פְּרִינְצֶעסִין, דוּ בֶּעטְסְט מִיךְ פַאר זֵיי... אִיךְ דֶענְק אַז אִיךְ הָאבּ נִיט גוּט פֶערְ־שְׁטַאנֶען דַיינֶע רֶעד, אִיךְ רֶעכֶען אַז אִיךְ הָאבּ נִיט רֶעכְט אַייְנְגֶעהֶערְט. דָאס זֶענֶען דָאךְ אוּנְזֶערֶע פַיינְד?

ס ע ל י נ א. אָ בְּרִיסְטֶער! רֶעד נִיט פוּן קֵיין פַיינְדֶע, וֶוען אַ מוּטְטֶער בֶּעט פַאר אִיהר קִינד, דֶערְמָאן נִיט אִין בְּלוּט, וֶוען טְרֶערֶען פְלִיסֶען פוּן דִי אוֹיגֶען.

א ל י ע ז ר. אָ וִוי פֶערְאִירְט מַיינֶע גֶעדַאנְקֶען זֶענֶען! (אנטיאכוס, ניקאנאר אונ הויפטלייטע ערשיינען, סעלינא געהט צו איהם צו).

## דְרִיטֶע סְצֶענֶע

ס ע ל י נ א. זֶעהר טְרוֹירִיג בִּיסְטוּ קֶאנִיג, וָואס בֶּעטַייט דַיין זָארְג אַצוּנְד מֶעהר ווִי תָמִיד ?

א נ ט י א כ ו ס. אָ נִיט אִין קֵיין גוּטֶער שָׁעָה הָאבֶּען מִיר דֶעם קְרִיג אָנְגֶעהוֹיבֶּען, ווִי קְלֵיין אוּנ שְׁוַואךְ דָאס יוּדִישֶׁע פָאלְק אִיז, קוּמֶען מִיר פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען יֶעדֶען טָאג אָן אַנְדֶערֶע בְּשׂוּרוֹת פוּן זֵייעֶרֶע הֶעלְדֶענְטְהַאטֶען, בֶּעזָאנְדֶערְס זַייט יְהוּדָה אִיז פוּנ׳ם גֶעפֶאנְגְנִים אַרוֹים, אָ פַארְשָׁאלְטֶען זָאלל זַיין דִי הַאנְד וָואס הָאט יְהוּדָה בֶּעפְרַייט אוּנ דֶערְמִיט דִי גְרֶעסְטֶע זִינְד גֶעגֶען אוּנְזֶער לַאנְד גֶעהַאט.

ס ע ל י נ א. (ציטערט) אוֹיבּ צֶעאוּס בֶּעווִיללִיגְט נָאר דַיין טְהַאט, וֶועסְטוּ גֶעווִים אוֹיסְפִירֶען.

א נ ט י א כ ו ס. יָא, וֶוען אַללֶע מַיינֶע דִיענֶער זָאללֶען מֵיינֶען דִי זַאךְ אַזוֹי טְרַייא אוּנ עֶרֶנְסְט ווִי אִיךְ, וָואלְט דָאס גְלִיק קֵיין מָאהל זִיךְ פוּן אוּנְז נִיט אָבְּגֶעטְהוּן, נָאר צוּם אוּמְגְלִיק הָאבּ אִיךְ נִיט אוֹיף וֶועמֶען זִיךְ פַארְלָאזֶען, אָט הָאבּ אִיךְ אִיבֶּערְגֶעלָאזְט לִיזִיאַס אִין יְרוּשָׁלַיִם, צוּם סוֹף אִיז עֶר פוּן דָארְט אַנְטְלוֹיפֶען גְלַייךְ ווִי נִיט אִין זַיין הַאנְד וָואלְט דִי גַאנְצֶע מַאכְט גֶעווֶעהן.

נ י ק א נ א ר. זַיי מִיר מוֹחֵל, גְרוֹיסֶער קֶאנִיג, וֶוען אִיךְ וֶועל מִיר עֶרְלוֹיבֶּען לִיזִיאַס צוּ פַארְעֶנְפֶערן: עֶר הָאט זִיךְ גֶעהַאלְטֶען ווִי ווַייט עֶר הָאט נָאר גֶעקֶאנְט אוּנ, ווִי אִיךְ בִּין אִיבֶּערְצַייגְט, הָאט עֶר נָאר גֶעמוּזְט אָבְּטְרֶעטֶען דֶער גֶעפָאהר.

א נ ט י א כ ו ס. דָאס אִיז קֵיין תֵּרוּץ נִיט, אוּנ אוֹיפ׳ן שְׁלַאכְטְפֶעלְד פַאללֶען אוֹיךְ דִי סִירִיעֶר ווִי דִי פְלִיגֶען, שָׁאנֶע גִבּוֹרִים וָואס קֶאנֶען עֶהרֶע מַאכֶען זֵייעֶר לַאנְד!

נ י ק א נ א ר. אִיךְ עֶרְוַוארְטֶע נָאךְ, קֶאנִיג, דַיין בֶּעפֶעהל וֶועגֶען דֶעם גֶעפַאנְגֶענֶעם זוּהן מַתִּתְיָהוּ׳ס וָואס מִיר הָאבֶּען גֶעכַּטֶען אַהֶערְגֶעבְּרַאכְט.

אנטיאכוס. פַארְבְּרֶענֶען! אונ נִיט גֶעצֶאנֶערְט זָאלל וֶוערֶען דֶער מִשְׁפָּט! פַאר דִי לַייט זִיךְ צוּ בֶּעוָוארֶענֶען אִיז אֵיין מִיטטֶעל נָאר דֶער טויט, דָאס הָאט מִיךְ יְהוּדָה אוֹיסְגֶעלֶערְנְט... נָאר, וָואס אִיז דָארְט?

ניקאנאר. לֵאָה דִי פְרוֹי פוּן מַתִּתְיָהוּ וִוילל עֶרְשַׁיינֶען פַאר דִי אוֹיגֶען פוּנ'ם קֶאנִיג.

אנטיאכוס. לָאזְט זִי אַרַיין! (לאה לויפט אריין אונ קניעט) וֶוער בִּיסְטוּ אוּנ וָואס דַארְפְסְטוּ?

אליעזר. אָ, שֶׁרעקְלִיכֶער אוֹיגֶענְבְּלִיק!

לאה. אִיךְ בִּין אַ פְרוֹי וָואס הָאט שׁוֹין נָאר נִיט אוֹיף דֶער וֶועלְט, אֲפִילוּ נִיט קֵיין טְרֶערֶען צוּם וַויינֶען; אִיךְ בִּין אַ מוּטטֶער וָואס הָאפְט נָאר אוֹיפ'ן חֶסֶד פוּנ'ם קֶאנִיג אַז עֶר וֶועט אִיהר הֵייסֶען אָפְּגֶעבֶּען אִיהר אֵיינְצִיג קִינְד.

אנטיאכוס. אִיז דָאס דֶען אִין מִיר גֶעוֶוענְט?

לאה. צְוַויי זִיהן הָאסְטוּ בַּיי מִיר צוּגֶענוּמֶען, אֵיינֶעם קֶאנְסְטוּ מִיר נִיט אוּמְקֶערֶען, זָאלְסְט אֲפִילוּ וֶועלֶען, פַאר'ן אַנְדֶערן בֶּעט אִיךְ בַּיי דִיר גְנַאדֶע.

אנטיאכוס. אִין דַיינֶע גֶעצֶאהלְטֶע רֶעד דֶערְקֶען אִיךְ אַז נִיט אוּמְזִיסְט לוֹיבְּט מֶען דִיךְ אִין יְרוּשָׁלַיִם אוּנ מֶע הַאלְט דִיךְ פַאר אַ קְלוּגֶער, דֶעריבֶּער רֶעכֶען אִיךְ אַז דוּ וֶועסְט אַלְלֵיין פַארְשְׁטֶעהן אַז אוֹיב דַיין אַנְדֶערֶער זוּהן וֶועט זַיין אֶהנְלִיךְ צוּם עֶלְטֶערן הָאסְטוּ זַיי בֵּיידֶע נִיט פֶערְלוֹירֶען.

לאה. אִיךְ פַארְשְׁטֶעה דִיךְ נִיט.

אנטיאכוס. דוּ בֶּעטְסְט דָאךְ פַאר דַיין קִינְדְס לֶעבֶּען?

לאה. יָא, פַאר דֶעם לֶעבֶּען וָואס אִיז דָא מִיר טַייעֶרֶער וִוי מַיינְס.

אנטיאכוס. נָא, זָאג אִיךְ דִיר אַז דָאס לֶעבֶּען אִיז בַּיי אִיהם אַללֵיין אִין דִי הֶאנְד.

לאה. וָואס מֵיינְסְטוּ דֶערְמִיט, קֶינִיג?

אנטיאכוס. בְּלַייבֶּען בַּיי אוּנְז, אִיז לֶעבֶּען, זִיךְ אָבְּזָאגֶען — אִיז טוֹיט.

לאה. אָ, וָואס פַּאר אַ שְׁרֶעקְלִיכֶע פָאְרְדֶערוּנְג!

אנטיאכוס. אַזוֹי ווִילל דָאס גֶעזֶעץ.

לאה. דוּ בִּיסְט דָאךְ אָבֶּער אַ קֶאנִיג, דַיין חֶסֶד קָאן שְׁטֶעהְן הֶאכֶער פוּנ'ם גֶעזֶעץ.

אנטיאכוס. מַיין בֶּעפֶעהל אִיז דָאס גֶעזֶעץ. אַזוֹי הָאב אִיךְ גֶעזָאגְט אוּנ אַנְדֶערְ'שׁ קָאן עֶס נִיט זַיין. ווַייז אִיהר נִיקַאנַאר, דֶעם אוֹיוֶוען, ווִי עֶס וֶוערֶען גֶעמַ'שְׁפָּט אַללֶע וָואס גֶעהֶען גֶעגֶען מַיין ווִילֶלען אוּנ זָאג אִיהר אַז דָארְט וֶועט אוֹיךְ אִיהר זוּהְן זַיין לֶעבֶּען עֶנְדִיגֶען. (ניקאנאר אוּנ לאה געהען צוּ צוּם פענסטער).

אליעזר. אָ מוּטטֶער, מוּטטֶער, ווִי שְׁוֶוער אִיז מִיר דִיךְ צוּ זֶעהְן אִין אַזַא לַאגֶע, נָאר שְׁטַארְק זִיךְ מַיין הַארְץ. אִיהר אַצוּנְד הֶעלְפֶען בִּין אִיךְ נִיט אִים שְׁטַאנְד. (לאה שפרינגט אב)

לאה. אָ, שְׁרֶעקְלֶעךְ צוּצוּזֶעהְן! שְׁטֶעה, גֶעה נִיט! אוּנ דָאס, זָאגְסְטוּ, עֶרְוַוארְטֶעט מַיין קִינְד? אָ נֵיין, דָאס קָאן אִיךְ נִיט, דָאס טָאר אִיךְ נִיט דֶערְלָאזֶען, זָאג מִיר הָאט מֶען שׁוֹין אִיהם דָאס פָארְגֶעלֶעגְט?

ניקאנאר. מִיט שְׁטָאלְץ פֶערַאכְטֶעט עֶר אוּנְז אוּנ ווִילל גָאר פוּן קֵיין זַאךְ נִיט ווִיסֶען.

לאה. אַוַדַאי מוּז יֶעדֶע גֶענֵייטֶע זַאךְ אַרוֹיסְרוּפֶען עַקְשָׁנוּת. לָאזְט מִיךְ מִיט אִיהם רֶעדֶען, דִי וֶוארְטֶער פוּן אַ מוּטטֶער ווִירְקֶען גָאר אַנְדֶערְ'שׁ.

אנטיאכוס. אויב דו מֵיינְסְט נָאר דַיין קִינְדְס טוֹבָה, קֶאן אִיךְ עֶס דִיר עֶרְלוֹיבֶּען.

לאה. וֶועמֶעס דֶען טוֹבָה קֶאן אַ מוּטטֶער פוּן אַ קִינְד אִין זִין הָאבֶּען?

אנטיאכוס. בְּרֶענְגְט אַרַיין אִיהר זוהן!

אליעזר. אָ וִויא מֶע עֶרְנִידְרִיגְט דִיךְ, מוּטטֶער, אוּנ דִיא עֶרְנִידְרִיגוּנְג פַאללְט אוֹיךְ אוֹיף מִיר, אִיךְ הָאבּ מִיךְ גֶעֶרֶעכֶענְט גַאנְץ וַוייט פוּן אַייךְ, צוּם סוֹף זֶעה אִיךְ אַז אִיךְ בִּין נָאךְ מִיט אַייזֶערְנֶע קֵייטֶען צוּגֶעבּוּנְדֶען צוּ אַייךְ.

אנטיאכוס. אַצוּנְד הָאסְטוּ צֵייט, דִי מִינוּט פוּן דַיין קִינְד זֶענֶען גֶעצֶאהלְט, רֶעד אִיהם צוּ צוּ גוּטֶען, וֶועט עֶר בְּלַייבֶּען לֶעבֶּען אוּנ דַארוֹיף קַיין חֲרָטָה נִיט הָאבֶּען.

אליעזר. דֶעם סוֹד פוּן דֶער חֲרָטָה וֵויס אִיךְ!

לאה. אִיךְ הָאבּ אַיין מָאהל שׁוֹין גֶעזָאגְט אַז אִיךְ וֶועל זֶעהן מַיין קִינְד זָאלל טְהוּן ווִי גְלַייכֶער פַאר אִיהם אִיז, אוּנ מַיין וָוארְט וֶועל אִיךְ הַאלְטֶען. (בנימין ערשיינט אונ לויפט צו צו לאה).

בנימין. אַךְ מוּטטֶער, מוּטטֶער! דָאס בִּיסְט דוּ? אוּנ דָאס אִיז דָאס אוּנְזֶער אֱלִיעֶזֶר?

אנטיאכוס. דָאס אִיז אוּנְזֶער הֵיילִיגֶער פְּרִיסְטֶער אַיאַקְס, וָואס קֶאן דִיךְ אַרַיינְנֶעהמֶען אִין בּוּנְד פוּן אוּנְזֶערֶע גֶאטטֶער.

בנימין. וָואס רֶעדט עֶר, מוּטטֶער?

לאה. זֶעהסְטוּ, מַיין קִינְד, דֶער קֶאנִיג ווִילל דִיר שֶׁענְקֶען

דָאס לֶעבֶּען, וֶוען דוּ וֶועסְט נָאר אוֹיף זַיינֶע גֶאטֶער
פַארְבַּייטֶען אוּנְזֶער גָאטט.

בנימין. איךְ גְלוֹיבּ מִיר גָאר נִיט, מוּטטֶער, אַז דַיין מוֹיל
זָאלל הָאבֶּען אַזֶעלְכֶע וָוארְטֶער אַרוֹיסְגֶערֶעדְט,
קֶאנְסְטוּ דֶען גָאר רֶעכֶענֶען אַז דַיין זוּהן וֶועט פַאלְשׁ בְּלַייבֶּען דֶעם
לֶעבֶּעדִיגֶען גָאטט אוּנ וֶועט זִיךְ דֶערְשְׁרֶעקֶען פַאר אַ עוֹנֶשׁ פוּן אַ בָּשָׂר
וָדָם? אָ נֵיין, אָהן מוֹרָא קָאן איךְ אָננֶעהמֶען דִי גְרֶאסְטֶע שְׁטְרָאף אוּנ
וֶועל בְּלַייבֶּען גֶעטְרַיי מַיין פָאלְק, מַיין אֱמוּנָה.

לאה. אָ מַיין טַייעֶרֶער שְׁטַארְקֶער זוּהן! דוּ בִּיסְט וֶוערְטה
יְהוּדָה'ס אַ בְּרוּדֶער צוּ זַיין, אוֹיבּ דוּ וִוילְלְסְט מִיט'ן
גַאנְצֶען הַארְצֶען מְקַדֵשׁ הַשֵׁם זַיין מוּזְסְטוּ מִיר פְרִיהר אַ שְׁבוּעָה
גֶעבֶּען...

אליעזר. שְׁוָואר נִיט!

לאה. מִיר אִיז אַללֵיין שְׁוֶוער דִי לֶעצְטֶע שְׁבוּעָה... (זִי
קניעט) קֶאנִיג! דוּ הָאסְט אַלֵיין אַ מוּטטֶער גֶעהַאט
הָאסְט אוֹיךְ גֶעפִיהלְט אַ מָאהל דֶעם תַּעֲנוּג אוּנ וֶועטָהִיג פוּן קִינְדֶער
הָאבֶּען אוּנ פַארְלִירֶען; אִים נָאמֶען פוּן דִיא הֵיילִיגְסְטֶע אוּנֶענְדְלִי-
קֶע אִין דַיין לֶעבֶּען בֶּעט אִיךְ דִיךְ. הָאבּ רַחֲמָנוּת אוּנ לָאז מַיין
קִינְד לֶעבֶּען.

אנטיאכוס. מַיין ווִילֶען וֶוערְט קֵיין מָאהל נִיט גֶעאֶנְדֶערְט.

לאה. אוֹיבּ אַזוֹי שְׁוָואר זֶשֶע בִּ״ר, מַיין זוּהן, אַז דוּ
גֶעהמְסְט דִיא שְׁטְרָאף אָן מִיט לִיבְּשַׁאפְט אוּנ
פְרֶאהלִיךְ וֶועסְטוּ גֶעהן אַקֶעגֶען דֶעם טוֹיט.

בנימין. בַּיים נָאמֶען פוּן אוּנְזֶער אַלְמֶאכְטִיגֶען גָאטט שְׁוָואר
אִיךְ עָם דִיר הֵיילִיג, אַז אִיךְ פִיהל מִיךְ גְלִיקְלִיךְ
וָואס אִיךְ קָאן מַיין לֶעבֶּען בְּרֶענְגֶען פַאר אַ קָארְבָּן מַיין פָאלְק.

**לאה.** לָאז זְשֶׁע גֶעשֶׁעהן דֶער ווִילֶּען פוּן גָאטט; נִיט דַיין בֶּעפֶעהל וֶוערְט עֶרְפִילְּלְט, דוּ טִירַאן, נָאר דֶער רָצוֹן פוּן דֶעם וָואס לֶעבְּט עֶבִּיג, וָואס וֶועט צוּ לִיעבּ דֶער רֵיינֶער נְשָׁמָה אוֹיפְהֶערן בְּרוֹגֶז צוּ זַיין אוֹיף זַיינֶע אָרִימֶע קִינְדֶער, אוּנ זֵיי בֶּעגְלִיקֶען מִיט זַיין גְרוֹיסֶער יְשׁוּעָה אַזוֹי ווִי עֶר קֶאן.

**אליעזר.** אִיךְ קֶאן מִיךְ שׁוֹין מֶעהר נִיט אַיינְהַאלְטֶען. קֶאנִיג! זַיי נִיט אַזוֹי גְרוֹיזַאם אוּנ שֶׁענְק אִיהם דָאס לֶעבֶּען. טְהוּ עֶס מִיר צוּ לִיעבּ, פַארְגֶעס נִיט אַז עֶר אִיז מַיין בְּרוּדֶער, אַז זַיין פָאלְק אִיז אוֹיךְ מַיינְס....

**אנטיאכוס.** שְׁוַוייג דוּ פַאלְשֶׁער!

**אליעזר.** מִיךְ רוּפְסְטוּ פַאלְשֶׁער, וָואס צוּ לִיעבּ דִיר הָאבּ אִיךְ דָאס טַייעֶרְסְטֶע פוּן מַיין הֶערְץ גֶעוָואלְט אַרוֹיסְ־רַייסֶען? אָ, גְרוֹיס אִיז מַיין טָעוֹת גֶעוֶועהן אוּנ נָאךְ גְרֶעסֶער דָאס פֶערְבְּרֶעכֶען. מִיט טְרֶערֶען בֶּעט אִיךְ אַצוּנְד פֶערְצַייהוּנְג בַּיי מַיין פָאלְק אוּנ בִּין גְרֵייט זֵייעֶר מַזָל צוּ טְהֵיילֶען.

**אנטיאכוס.** אוּנ דִי אֵייגֶענֶע שְׁטְרָאף, וָואס עֶרְוַוארְטֶעט אַללֶע דַיינֶע בְּרִידֶער, וֶועט דִיךְ אוֹיךְ טְרֶעפֶען. (אויף זיין ווינק עפענט זיך די אונטערשטע וואנד, מע זעהט דעם ברענענ־דיגען אויוועו, דארט שטעהט ניקאנאר).

**אליעזר.** אִיצְט בִּין אִיךְ אַייעֶרֶער, מוּטטֶער, בְּרוּדֶער! וֶוען אֵיין לֶעבֶּען הָאט אוּנְז צוּשֵׁיידְט, וֶועט אוּנְז אֵיין טוֹיט פַארְבִּינְדֶען.

**לאה.** צוּ מַיין בְּרוּסְט לָאז מִיךְ דִיךְ צוּדְרִיקֶען, מַיין דָאפֶּעלְט גֶעבּוֹירֶענֶער זוּהן! אָהן אֵיין קִינְד בִּין אִיךְ אַהֶער גֶעקוּמֶמֶען אוּנ גָאטט הָאט מִיר צְוֵויי גֶעשֶׁענְקְט.

א ל י ע ז ר. אַצוּנְד פִיהל אִיךְ מִיךְ גְלִיקְלֶעךְ, פְרֶעהלֶעךְ, צוּפְרִי־דֶען. צוּם טוֹיט וֶועל אִיךְ גֶעהן וְוי צוּם טַאנְץ.

ל א ה. דִי בְּרָכָה פוּן אַייעֶר מוּטטֶער וֶועט אַייךְ נָאכְגֶעהן בִּיז אַייעֶר לֶעצְטֶען אוֹיגֶענְבְּלִיק.

א ל י ע ז ר אוּנ ב נ י מ י ן. (געהען צוּם אוֹייוען) מִיט אוּנְז אִיז גָאטט! (זיי שפרינגען אריין).

ל א ה. גָאטט זָאלל אַייעֶרֶע כְּשֵׁרֶ'ע נְשָׁמוֹת בֶּעשִׁיצֶען! דוּ זֶעהסְט דֶעם כֹּחַ פוּן יוּדֶען, אַזוֹי אִיז יֶעדֶער פוּן אוּנְז גְרֵייט זִיךְ מוֹסֵר נֶפֶשׁ צוּ זַיין.

ס ע ל י נ א. גַיין קָאנִיג, דָאס אַלדִינְג גְלַייכְגִילְטִיג צוּקוּקֶען קָאן אִיךְ נִיט, דוּ זֶעהסְט אַז דִי שְׁוַואכֶע הָאבֶען דִיךְ שׁוֹין בֶּעזִיגְט, אַז זֵייעֶר שְׁטִילֶלֶע גְבוּרָה אִיז גְרֶעסֶער פוּן דַיין אוּנ־מֶענְשְׁלִיכֶע גְרוֹילְטְהַאטֶען, לֶעבֶּען צְווִישֶׁען אַייךְ אִיז מִיר שׁוֹין אוּנ־מֶאגְלִיךְ, אַ פִינְסְטֶערֶע נַאכְט רוּקְט זִיךְ אָן אוֹיף מַיין פָאטֶער־לַאנְד, אוּנ אוֹיב אִיךְ הָאבּ בֶּאֱמֶת גֶעגֶען מַיין פָאלְק אוּנ מַיין לַאנְד גֶעזִינְדִיגְט לָאז דֶער יוּנְגֶער טוֹיט מַיינֶער דָאס פֶער־בְּרֶעכֶען אָבְּוַוישֶׁען. (זי שטאֶכט זיךְ אוּנ פאללט).

א נ ט י א כ ו ס. וָואס טְהוּט זִיךְ עֶס דָא מִיט מִיר? מַיין קָאפּ וֶוערְט בֶּערוּישְׁט, אִיךְ פֶערְלִיר מַיין פֶערְשְׁטַאנְד.

ס ע ל י נ א. אִיךְ שְׁטַארְבּ... ווייל דֶער טוֹידְט... אִיז בֶּעסֶער.... עֶדְלֶע מוּטטֶער פוּן גְרוֹיסֶע קִינְדֶער.... דוּ וֶועסְט נִיךְ זֶעהן יְהוּדָה... גִיעבּ אִיהם אִיבֶּער.... מַיין לֶעצְטֶען גְרִיס... זָאג אִיהם.... פוּן זַיינֶעטְוֶועגֶען הָאבּ אִיךְ גֶעלֶעבְּט.... פוּן זַיינֶעטְוֶועגֶען שְׁטַארְבּ אִיךְ... עֶר אִיז מַיין עֶרְשְׁטֶער אוּנ לֶעצְטֶער גֶעדַאנְק.... (זי שטארבט).

ל א ה . גָאטטס שְׁטְרָאף הָאט זִיךְ שׁוֹין אָנְגֶעהוֹיבֶּען, נִיךְ וֶועט מֶען זִיךְ אִין דִיר נוֹקֵם זַיין פַּאר מַיינֶע קִינְדֶערְס בְּלוּט. (מע הערט א גרויסען ליארם, א קלאפעריי פון שפיזען, ניקאנאר לויפט אריין).

נ י ק א נ א ר. רֶעטֶע דִיךְ, קֶאנִיג, דִי יוּדֶען זֶענֶען אָנְגֶעפַאללֶען פְּלִיצוּם אוֹיף אוּנְז, אוּנְזֶער חַיִל אִיז בַּיי זִיךְ זֶעהר שְׁטַארְק גֶעפַאללֶען, מֶע וֶועהרְט זִיךְ גָאר נִיט, אַ טְהֵייל אַנְטְלוֹי־פֶען, טְהֵייל גֶעבֶּען זִיךְ אוּנְטֶער, אַנְטְלוֹיף גֶעשְׁווינְד, עֶס אִיז שׁוֹין נִישְׁטָא קֵיין צַייט. (אב, יהודה אונ קריגער לויפען אריין).

א ל ל ע . מִיט אוּנְז אִיז גָאטט!

י ה ו ד ה . שְׁטַארְבּ דוּ רָשָׁע! (ער שטעכט אנטיאכוס) וָואס זֶעה אִיךְ? סֶעלִינַא? טוֹיט? אוֹיךְ דוּא, מוּטטֶער, בִּיסְט דָא? (מתתיהו ערשיינט).

ל א ה . אַךְ, פַּארְוָואס הָאסְטוּ מִיט דַיין נִצָּחוֹן נָאר אַ בִּיסֶעל פַּארְשְׁפֶּעטֶעטְ, דָאס הָאט דָאס לֶעבֶּען גֶעקָאסְט פוּן דַיינֶע צְווֵיי בְּרִידֶער אֱלִיעֶזֶר אוּנ בִּנְיָמִין.

י ה ו ד ה . אֱלִיעֶזֶר?

ל א ה . יָא, דָארְט אִין דֶעם פַּייֶערִינֶען אוֹיוֶוען הָאט עֶר אִינְאֵיינֶעם מִיט בִּנְיָמִין מְקַדֵשׁ הַשֵׁם גֶעוֶועהן, נִיט אוּמְזִיסְט הָאבּ אִיךְ אִיהם פוּן קִינְדְהַייט אָן פַאר אַ הֵיילִיגֶען גֶערֶעכֶנְט, עֶר הָאט גֶעהַאט דֶעם סוֹף פוּן אַ קָדוֹשׁ, פוּן אֵיין אֱמֶת'ן בַּעַל תְּשׁוּבָה.

מ ת ת י ה ו . אַז וָואהל אִיז אוּנְז וָואס מִיר קֶאנֶען שְׁטָאלְץ זַיין אוֹיפְ'ן טוֹיט פוּן אוּנְזֶערֶע קִינְדֶער, פּוּנְקְט וִויא אוֹיף זֵייעֶר לֶעבֶּען.

גָאטט הָאט גֶעגֶעבֶּען, גָאטט הָאט גֶענוּמֶען. לָאז זַיין גֶעבֶּענְשְׁט זַיין הֵיילִיגֶער נָאמֶען!

יהודה. גֶעפוּנֶען הָאסְטוּ אוֹיךְ דַיין לֶעצְטֶע רוּה, מַיין שֶׁאנֶע זִיסֶע סֶעלִינַא! לָאז זְשֶׁע דִיא עֶרְד דִיר גְרִינְג מַאכֶען דִיא שְׁוֶועֶרֶע לַאסְט וָואס דוּ הָאסט בִּיז אַהֶער גֶעטְרָאגֶען, לָאז דֶער עֶבִּיגֶער שְׁלָאף שְׁטַארְקֶען דַיין רֵיינֶע נְשָׁמָה. דוּ בִּיסְט גֶעוֶועהן דִי עֶרְשְׁטֶע אוּנ אוֹיךְ דִי לֶעצְטֶע וָואס יְהוּדָה הָאט לִיעבּ גֶעהַאט, דוּ וֶועסְט אוֹיךְ מַיין הֶערְץ מִיט דִיר אִין קֶבֶר אַרַיין מִיטְנֶעהמֶען.

מתתיהו. דֶער הַיינְטִיגֶער טָאג אִיז דֶער לֶעצְטֶער פוּן אוּנְזֶער קְרִיגְסְצַייט, וַוייל מִיר הָאבֶּען שׁוֹין דֶעם שׂוֹנֵא צוּטְרֶעטֶען, פֶערְנִיכְטֶעט, דֶערְפַאר דַארְף עֶר בַּיי אוּנְז פַאר אַ יוֹם טוֹב אוֹיף עֶבִּיג בְּלַייבֶּען אוּנ צוּם זֵכֶר אַז נִיךְ וֶועלֶען מִיר אַרַיינְגֶעהן קֵיין יְרוּשָׁלַיִם אוּנ בֶּענַייעֶן אוּנְזֶער בֵּית הַמִקְדָשׁ, זָאלֶען מִיר דֶעם טָאג אָנְרוּפֶען „חֲנוּכָּה" אוּנ אַזוֹי זָאלל עֶר הֵייסֶען אוֹיף דוֹר דוֹרוֹת, כְּדֵי יוּדֶען זָאללֶען גֶעדֶענְקֶען דִי גְבוּרוֹת פוּן זַייעֶרֶע בְּרִידֶער אוּנ דִי נִסִים וָואס גָאטט הָאט זֵיי בֶּעווִיזֶען, אוּנ דֶער אֵייגֶענֶער גֵייסְט, וָואס הָאט אוּנְז פֶערְהָאלְפֶען אַיינְצוּנֶעהמֶען דֶעם שְׁטַארְקֶען פַיינְד, זָאלל תָּמִיד הֶערְשֶׁען אִין אוּנְזֶער פָאלְק אוּנ פַארְגְרֶעסֶערן דִי צָאהל פוּן אֶמֶתֶע יוּדִישֶׁע הֶערְצֶער מִיט עֵצָה וּגְבוּרָה, דָאס אִיז דִי בְּרָכָה וָואס דֶער אַלְטֶער מַתִּתְיָהוּ גִיט אַייךְ אַצוּנְד אוּנ בֶּעפֶעסְטִיגְט דֶעם יוֹם טוֹב — חֲנוּכָּה.

אללע. לֶעבֶּען זָאלל צִיוֹן, הֵיילִיג אִיז חֲנוּכָּה!

באר. פֿאַרְשְׁוואוּנְדֶען אִיז דִי צָרָה, שׁוין אִיז בֶּעפְרַייט
אוּנְזֶער טַייעֶר הֵיילִיג לַאנְד,
דֶער בֵּית הַמִקְדָשׁ וֶוערְדְט בַּאלְד בֶּענַייעט,
גֶעפַֿאלְלֶען אִיז דֶער פַֿיינְד,
דֶעם טָאג דַארְפֶען מִיר כָּבוֹד אָבְגֶעבֶּען,
חֲנֻכָּה אוּנ יְהוּדָה זָאללֶען עֶבִּיג לֶעבֶּען!

(דער פארהאנג פאללט)

ענדע



# ХАНУКА

ИСТОРИЧЕСКАЯ ДРАМА

въ четырехъ дѣйствіяхъ и семи картинахъ.

Сочин.

О. М. ЛЕРНЕРА.



ВАРШАВА

Типо-Лит. Баумриттера и Гонсіора Бѣлянская 16.

1889.